פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זי!

רוסלענדישע פעדעראטיווע סאציאליסטישע
ראטן־רעפובליק.

צ. ק. פון ר. ק. פ. — — — צ. ב. פון די אידישע סעקציע:

נ. לענין.

# אימפעריאליזם

(אלס נייסטער עטאפ פון קאפיטאליזם).



מלוכע־פארלאג,
מאסקווע, 1921.

פראלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך:

רוסלענדישע סאציאליסטישע פעדעראטיווע
ראטן־רעפובליק.

צ. ק. פון ר. ק. פ. — — — — צ. ב. פון די אידישע סעקציעס.

נ. לענין.

# אימפעריאליזם

(אלס נייסטער עטאפ פון קאפיטאליזם).



מלוכע־פארלאג,
מאסקווע, 1921.

# אינהאלט:

# פאַרוואָרט.

די בראָשור, וואָס מיר לייגן דאָ פאָר דעם לייענער, איז אָנגעשריבן אין פרילינג 1916-טן יאָר אין ציוריך. באַ די דאָרטיקע באַדינגונגען פון אַרבעט איז מיר, נאַטירליך, אויסגעקומען צו פילן אַ געוויסן מאַנגל אין פראַנצויזישער און איינגלישער ליטעראַטור און גאָר אַ גרויסן מאַנגל אין רוסישער ליטעראַטור, נאָר פונדעסטוועגן האָב איך דאָס איינגלישע הויפּט-ווערק וועגן אימפּעריאַליזם, דעם בוך פון דזש. א. האָבסאָן, אויסגענוצט מיט דער אויפמערקזאַמקייט, וועלכע דער דאָזיקער בוך פאַרדינט, לויט מיין איבערצייגונג.

די בראָשור איז אָנגעשריבן פאַר די צאַרישער צענזור. און איך בין דעריבער געצוואונגען געוואָרן ניט נאָר שטרייינג צו באַגרענעצן זיך מיט דעם אויסשליסליך טעאָרעטישן — מיטן עקאָנאָמישן בפרט — אַנאַליז, נאָר אויך פאָרמולירן די קלייניע צאָל נויטיקע אָנמערקונגען וועגן פּאָליטיק מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט, מיט רמזים, אין דער עזאָפּישער — דער פאַרשאָלטענער עזאָפּישער-שפּראַך, מיט וועלכער דער צאַריזם האָט געצוווּנגען אַלע רעוואָלוציאָ-

נעו̇רן זיך צו באַנוצן, ווען זיי נאָר פלעגן נעמען די פען אין האַנט אויף צושרייבן אַ „לעגאַלע" ווערק.

ס'איז שווער איצט, אין די טעג פון פרייהייט, צו לייענען אָט די ערטער פון דער בראָשור, וואָס צוליב דער צאַרישער זור, זיינען זיי פאַרדרייט געוואָרן איינגעדרוקט און צונויפגעפרעסט אין אייזערנע קלעמען. וועגן דעם אַז דער אימפעריאַליזם איז אַ פאָראָונט פון דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, וועגן דעם, אַז דער סאָציאַל-שאָוויניזם (סאָציאַליזם מיט מויל און שאָוויניזם לויט די מעשים) איז אַ פולשטענדיקע בגידה קעגן דעם סאָציאַליזם. אַ פולשטענדיקער איבערגאַנג אויפן צד פון דער בורזשואַזיע, אַז די דאָזיקע שפּאַלטונג אין דער אַרבעטער באַוועגונג איז פאַרבונדן מיט די אָביעקטיווע באַדינגונגען פונם אימפעריאַליזם און א. וו.— וועגן דעם פּלך איז מיר אויסגעקומען צו ריידן מיט א „קנעכטישער" שפּראַך, און איך בין געצוואונגען אָפּצושיקן דעם לייענער צו דעם זאַמל-בוך פון מיינע אויסלענדישע אַרטיקלען פון 1914-1917, וואס ווערט אין גיכן ארויסגיין [1]) באַזונדערס דאַרף מען אָנמערקן איין אָרט אויף דער זייט 119-120 כדי צו דערקלערן דעם לעזער אין אַלעגאַלער פאָרם ווי אומפאַרשעמט עס לייגן די קאַפּיטאַליסטן און די איבערגעגאַנגענע אויף זייער צד סאָציאַל-שאָוויניסטן (מיט וועלכע קאַאוטסקי קעמפט אַזוי ניט אויסגעהאַלטן) אין דער פראַגע וועגן אַנעקסיעס, ווי אומפאַרשעמט זיי דעקן צו די אַנעקסיעס

1) ארויס פון דרוק אין דער אויסגאַבע פון/ פעטראגראדער סאוועט.
Г. Зиновьев и Н. Ленин „против течения„ פעטערגאַד 1916 זייטן 550,

פֿון זייערע קאַפּיטאַליסטן, האב איך געמוזט נעמען פאַר אַ ביישפּיל,... יאַפּאַן! דער אויפמערקזאַמער לייענער וועט לייכט אָנשטאָט יאַפּאָן אַוועקשטעלן רוסלאַנד און אָנשטאָט קאָרייע — פינלאַנדיע, פוילן, קורלאַנד, אוקראַינע, כיווע, בוכאַראַ, עסטלאַנד, און די איבעריקע געגנטן וועלכע האָבן אַ ניט=גרויסרוסישע באַ=פעלקערונג.

איך וואָלט וועלן האָפן, אַז מיין בראָשור וועט העלפן זיך פאַנאַנדערקלייבן אין דער עקאָנאָמישער הויפט=פראַגע, וועלכע מען מוז שטודירן, כדי צו פארשטיין די אָפשאַצונג פון דער איצ-טיקער מלחמה און פון דער איצטיקער פּאָליטיק, נעמליך: אין דער פראַגע וועגן דעם עקאָנאָמישן מהות פונם אימפעריאַליזם.

דער אַווטאָר,

פעטראָגראַד

דעם 26=טן אַפּרעל, 1917=טן יאָר.



I.

## דער נייסטער קאַפּיטאַליזם.

פאַר די לעצטע 15—10 יאָר, באַזונדער נאָך דער שפּאַניש־אַמעריקאַנער (1898) און נאָך דער ענגליש־בורער (1899—1902) מלחמות, פאַרנעמט זיך די עקאָנאָמישע און אויך די פּאָליטישע ליטעראַטור פון דער אַלטער און פון דער נייער וועלט אַלץ אָפטער און אָפטער מיטן באַגריף „אימפּעריאַליזם", כדי צו כאַראַקטעריזירן די תקופה, וועלכע מיר לעבן איבער. אין 1902־טן יאָר איז אין לאָנדאָן און אין ניו־יאָרק אַרויס דאָס ווערק פונם ענגלישן עקאָנאָמיסט דזש. א. האָבסאָן „אימפּעריאַליזם". דער אויטאָר, וועלכער שטייט אויפן שטאַנדפּונקט פון סאָציאַל־רעפאָרמיזם און פון פּאַציפיזם — א שטאַנדפּונקט, וואָס איז אײנגליך, איינאַרטיק מיט דער פּאָזיציע, וועלכע ס׳פאַרנעמט איצט ק. קאַויטסקי — האָט געגעבן זייער א גוטע און אן אויספירלעכע באַשרייבונג פון די עקאָנאָמישע און פון די פּאָליטישע גרונט־אייגנשאַפטן פונם אימפּעריאַליזם. אין 1910 יאָר איז אין ווין אַרויס דאָס ווערק פון דעם עסטרייכישן מאַרקסיסט רודאָלף הילפערדינג „דער פינאַנץ־קאַפּיטאַל" (פאַרהאַן א רוסישע איבערזעצונג). דאָס דאָזיקע ווערק שטעלט מיט זיך פאָר א העכסט ווערטפולן טעאָרעטישן אַנאַליז „פון דער נייסטער פאַזע אין דער אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם" — אַזוי הייסט דאָס אונטערקעפּל פון הילפערדינגס בוך — ניט קוקנדיק אויף דעם טעות, וועלכן דער אויטאָר

באַגייט אין דער פראַגע וועגן דער געלט-טעאָריע און ניט קוקנ-
דיק אויף אַ געוויסע נטיה צו מאַכן אַ שרה צווישן דעם מאַרק-
סיזם און דעם קאַפּיטאַליזם. אייגנטלעך איז אַלץ דאָס, וואָס ס'איז
גאָר די לעצטע יאָרן געזאָגט געוואָרן וועגן אימפּעריאַליזם, בפרט
אין דער גרויסער צאָל זשורנאַל און צייטונג-אַרטיקלען אויף
דער דאָזיקער טעמע, און אויך, למשל, אין די רעזאָלוציעס פון
דעם כעמניצער און באַזעלער קאָנגרעסן, וועלכע זיינען פאָרגע-
קומען אין האַרבסט 1912-טן יאָר, — דאָס אַלץ האַלט זיך, קאָן מען
זאָגן, רק בא דעם קרייז אידייען, וועלכע זיינען איבערגעגעבן
אָדער, ריכטיקער געזאָגט, וועלכע זיינען סוממירט אין די ווערק
פון די צוויי אָנגערופענע אויטאָרן.

ווייטער וועלן מיר זיך פּרובן בקיצור, אין אַ מעגליך
פּאָפּולערער פאָרם איבערגעבן דעם צוזאַמענבונד און די צווישנ-
באַציהונג צווישן די עקאָנאָמישע גרונט-אייגנשאַפטן פונם אימ-
פּעריאַליזם. אונז וועט ניט אויסקומען פאַרהאַלטן זיך, ווי געהעריק,
אויף דער ניט עקאָנאָמישער זייט פונם ענין. די אָנווייזונגען אויף
דער ליטעראַטור און אַנדערע אָנמערקונגען, וועלכע קענען אינ-
טערעסירן ניט אַלע לעזער, טראָגן מיר איבער צום סוף פון דער
בראָשור.

## 1. די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע און די מאָנאָפּאָל.

דער קאָלאָסאַלער וואוקס פון דער פּראָדוקציע און דער
מערקווירדיק גיכער פּראָצעס פון דער פּראָדוקציע-קאָנצענטרירונג
אין אַלץ גרעסערע אונטערנעמונגען, זיינען איינע פון די צום
מערסטן כאַראַקטערישע אייגנשאַפטן פונם קאַפּיטאַליזם. די פולסטע
און די אויספירליכסטע מאַטעריאַלן וועגן דעם דאָזיקן פּראָצעס
גיבן די איצטיקע אינדוסטריעלע רעגיסטראַציעס.

אין דייטשלאַנד איז, למשל, פון יעדע טויזנט אינדוסטרי-
עלע אונטערנעמונגען געווען גרויסע, דאס הייסט אזעלכע, וועל-
כע האבן מער ווי 50 געדונגענע ארבעטער, אין 1882-טן יאר —
3, אין 1895-טן יאר — 6 און אין 1917-טן יאר — 9. פון יעדע
הונדערט ארבעטער זיינען געווען פארנומען אויף די דאזיקע
אונטערנעמונגען: 22, 30 און 37. נאר די קאָנצענטרירונג פון
דער פּראָדוקציע איז א סך שטארקער, איידער די קאנצענטרירונג
פון די ארבעטער, ווייל אין גרויסע אונטערנעמונגען איז די אר-
בעט א סך פּראָדוקטיווער. אויף דעם ווייזן אן די מאַטעריאלן
וועגן דאמף-מאשינעס און וועגן עלעקטרישע מאָטאָרן. אויב מע
זאָל נעמען דאס, וואס מע רופט אין דייטשלאנד אן אינדוסטריע
אין בריטן זין, דאס הייסט, איינשליסן אויך דעם האנדל און די
קאָמוניקאַציאָן-וועגן וכדומה, וועלן מיר באקומען אזא בילד. גרויסע
אונטערנעמונגען זיינען פאראן 30.588 פון 3,265,623, דאס הייסט
סך הכל 0,9%. ארבעטער זיינען זיי 5.7 מיליאן פון 14,4 מיליאן,
דאס הייסט 39.5%; דאמף-קראפט — 6,6 מיליאן פערד-קראַפט
פון 8,8 דאס הייסט 75%; עלעקטרישע — 1,2 מיליאן קילאָוואט
פון 1,5 מיליאן, דאס הייסט 80%.

וויניקער ווי א הונדערט חלק אונטערנעמונגען פארמאגן
מער ווי 3/4 פונם אלגעמיינעם סכום דאמף-קראפט און עלעק-
טרישער קראפט, אויפן חלק פון 2,197 מיליאן קליינע (ביז 5 געדונגע-
נע ארבעטער) אונטערנעמונגען, וועלכע בילדן 91% פון דער
אלגעמיינער צאל אונטערנעמונגען, קומט אויס סך הכל 7%
דאמף און עלעקטרישער קראפט. צענדליקער טויזנטער גרעסטע
אונטערנעמונגען - זיי זיינען אלץ; מיליאנען קליינע - גארנישט.

אין 1907-טן יאר איז אין דייטשלאנד געווען 586 אונטער-
נעמונגען, אין וועלכע ס'זיינען פארנומען 1000 און מער ארבעטער.
זיי פארנעמען כמעט א צענט-חלק (1.38 מיליאן) פון דער אל-
געמיינער צאל ארבעטער און כמעט א דריטל (32%) פון
דעם אלגעמיינעם סכום דאמף- און עלעקטרישער קראפט [1].

דער געלט-קאַפּיטאַל און די בײַנק מאַכן, ווי מיר וועלן שפּעטער זעהן, די דאָזיקע איבערמאַכט פון דעם הײַנטיגע גרעסטע אונטערנעמונגען נאָך מער געוואַלטיק און דערצו אין בוכשטעב-ליכן זין פון וואָרט, דאָס הייסט מיליאָנען קליינע, מיטעלע און אפילו אַ טייל פון די גרויסע „באַלעבאַטים" ווייען פולשטענדיק פאַרקנעכטעט בײַ עטליכע הונדערט מיליאָנערן-פינאַנציסטן.

אין אַ צווייטן פּראָגרעסיוון לאַנד פון מאָדערנעם קאַפּיטאַ-ליזם, אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע, איז דער וואוקס פון דער פּראָדוקציע-קאָנצענטרירונג נאָך שטאַרקער. דאָ טיילט אויס די סטאַטיסטיק די אינדוסטריע אין אייגנן זין פון וואָרט און גרופּירט די אונטערנעמונגען לויט דער גרויס פונם יערליכן פּראָדוקט-ווערט. אין 1904-טן יאָר איז דאָ די צאָל פון די גרעסטע אונטערנעמונגען, מיט אַ פּראָדוקציע פון 1 מיליאָן טאָלער און מער, געווען 1.900 (פון 216,180, דאָס הייסט 0,9 %); זיי האָבן געהאַט 1,4 מיליאָן אַרבעטער (פון 5,6 מיליאָן, דאָס הייסט 25,6 %) און 5,6 מיליאַרד פּראָדוקציע (פון 14,8 מיליאַרד, דאָס הייסט 38 %). אין פינף יאָר אַרום, אין 1909 יאָר זײַנען די אַנטשפּרעכנדיקע ציפערן: 3.060 אונטערנעמונגען (פון 268,491 — 1,1 %) מיט 2 מיליאָן אַרבעטער (פון 6,61 — 30,5 %) מיט אַ פּראָדוקציע פון 9,0 מיליאַרד (פון 20,7 מיליאַרד — 43,8 %) [2].

כמעט אַ העלפט פון דער גאַנצער פּראָדוקציע פון אַלע אונטערנעמונגען פונם לאַנד געפינט זיך אין די הענט פון איין הונדערטסטן חלק פון דער אַלגעמיינער צאָל אונטערנעמונגען און אָט די דרײַ טויזנט ריזן-אונטערנעמונגען נעמען אַרום 258 אינדוסטריע-צווייגן. פון דאַנעט איז קלאָר, אַז די קאָנצענטראַציע, אויף אַ געוויסער שטופע פון איר אַנטוויקלונג, פירט קאָן מען זאָגן, מיט זיך זעלבסט גלייך צום מאָנאָפּאָל. עטליכע צענדליג אונטערנעמונגען איז גרינג צו קומען צו אַן אויסגלייך צווישן זיך, און, פון דער אַנדער זייט, ווערט דווקא דורך די גרויסע אונטער-נעמונגען אַרויסגערופן די שוועריקייט פון דער קאָנקורענץ און די

טענדענץ צו אַ מאָנאָפּאָל. אָט די פאַרוואַנדלונג פון דער קאָנקו-
רענץ אין אַ מאָנאָפּאָל איז איינע פון די וויכטיקסטע- אויב ניט די
סאַמע וויכטיקסטע—דערשיינונגען אין דער עקאָנאָמיק פונם נייסטן
קאַפּיטאַליזם, און מיר מוזן זיך אויספירליכער אויף דעם אָפּ=
שטעלן. נאָר תחילת מוזן מיר באַזייטיקן איין מעגליכע מיס-
פאַרשטייעניש.

די אַמעריקאַנער סטאַטיסטיק זאָגט: 3,000 גיגאַנטישע אונ-
טערנעמונגען אין 250 אינדוסטריע-צווייגן. כלומרשט הייסט עס,
צו צוועלף גרעסטע אונטערנעמונגען אויף יעדע צווייג. נאָר דאָס
איז ניט אַזוי. ניט אין יעדער אינדוסטריע-צווייג איז פאַראַן גרוי=
סע אונטערנעמונגען; פון דער אַנדערער זייט, איז איינע פון די זעהר
וויכטיקע באַזונדערקייטן פונם קאַפּיטאַליזם, וועלכער האָט דער-
גרייכט ביז דער העכסטער מדרגה פון אַנטוויקלונג, די אַזוי גערו-
פענע קאָמבינאַציע, דאָס הייסט, אין איין אונטערנעמונג
פאַראייניקן פאַרשיידענע אינדוסטריע-צווייגן, וועלכע שטעלן מיט
זיך פאָר אָדער כסדרדיקע שטופן פון דער רוי=מאַטעריאַל-באַאַר-
בעטונג (אויסשמעלצן, למשל, שטאָל פון ערץ און איבעראַרבעטן
דעם טשוגון אין שטאָל, און ווייטער, אפשר, דאָס אויסאַרבעטן
פון שטאָל פאַרשיידענע פאַרטיקע פּראָדוקטן), אָדער וועלכע
שפּילן אַ הילפס-ראָל איינע בנוגע צו דער צווייטער (די באַאַרבע-
טונג פון די אָפּפאַל פּראָדוקטן אָדער פון די נעבן פּראָדוקטן; די
פאַבריקאַציע פון פּאַק-מאַטעריאַלן און א. וו.).

„די קאָמבינאַציע —, שרייבט הילפערדינג — גלייכט אויס די
פאַרשיידנקייטן פון דער קאָניונקטור און גאַראַנטירט דעריבער פאַר
די קאָמבינירטע אונטערנעמונג אַ גרעסערע סטאַביליטעט פון
דער ריווח-נאָרמע. צווייטנס, פירט די קאָמבינאַציע צו דער באַ-
זייטיקונג פונם האַנדל. דריטנס: מאַכט זי מעגליך טעכנישע פאַר-
פולקומענונגען, און מאַכט, דעריבער, מעגליך צו באַקומען
הוספה=ריווח אין פאַרגלייך מיט די „ריינע" (דאָס הייסט ניט
קאָמבינירטע) אונטערנעמונגען, זי באַפעסטיקט, פאַרנער, די פּאָ-

זיציע פון דער קאָמביגירטער אונטערנעמונג אין פאַרגלייך מיט דער „רייינער" — זי מאַכט זי שטאַרקער אינם קאָנקורענץ-קאמף — אין אַ צייט פון אַ שטאַרקער דעפרעסיע (פון אַן אָפּהאַלט אין די געשעפטן, אין אַ קריזיס), בעת דאָס פאַלן פון די מקחים אויף רויע מאַטעריאַלן קומט פאָר מיט אַ קלענערן טעמפּ ווי דאָס פאַלן פון די מקחים אויף פּראָדוקטן"[3]).

דער דייטשישער בורזשואַזער עקאָנאָמיסט היימאַן, וועלכער האָט געווידמעט אַ ספּעציעל ווערק דער באַשרייבונג פון די „געמישטע", דאָס הייסט, קאָמבינירטע, אונטערנעמונגען פון דער דייטשישער אייזן-אינדוסטריע, זאָגט: „די רייינע" אונטערנעמונגען קומען אום, ווערן דערשטיקט דורך די הויכע פּרייזן אויף רויע מאַטעריאַלן באַ נידעריקע פּרייזן אויף פאַרטיקע פּראָדוקטן. עס באַקומט זיך אַזאַ בילד: פון איין זייט, זיינען פאַרבליבן די גרויסע שטיינקוילן-חברות, וועלכע באַקומען אַרויס עטליכע מיליאָן טאָנעס קוילן, וועלכע זיינען פעסט אָרגאַניזירט אין זייער שטיינ-קוילן-סינדיקאַט, און פון דער אנדער זייט, די איינג מיט זיי פאַר-בונדענע שטאָלגוס-זאַוואָדן מיט זייער שטאָל-סינדיקאַט. אָט די גיגאַנטישע אונטערנעמונגען, וועלכע אַרבעטן אויס 4 הונדערט טויזנט טאָנעס (אַ טאָנע האַלט 60 פּוד) שטאל א יאָר, וועלכע באַ-קומען אַרויס אַ קאָלאָסאַלע מאַסע אַרץ און שטיינקוילן, וועלכע אַרבעטן אויס פאַרטיקע פּראָדוקטן פון שטאָל, וועלכע האָבן 10 טויזנט אַרבעטער, וואָס לעבן אין די קאַזאַרמעס פון די אַרבעטער-ישובים, וועלכע האָבן אָפטמאָל זייערע אייגענע אייזנבאַנען און האַפנס — אָט די אונטערנעמונגען זיינען די טיפּישע פאָרשטייער פון דער דייטשישער אייזן-אינדוסטריע. און די קאָנצענטרירונג גייט אַלץ ווייטער און ווייטער פאָראויס. איינצלנע אונטערנעמונ-גען ווערן אַלץ גרעסער; אַלץ אַ גרעסערע צאָל אונטערנעמונגען פון איינער און דערזעלביקער אדער פון פאַרשיידענע אינדוסטריע-צווייגן פאַראייניקן זיך אין גיגאַנטישע אונטערנעמונגען, וועלכע ווערן געשטיצט און אָנגעפירט דורך אַ האַלבן ט'ץ גרויסע בער-

לינער ביינק. די ריכטיקייט פון קאַרל מאַרקס לערע וועגן דער קאָנצענטרירונג איז גלענצנד אויפגעוויזן אין דער דייטשישער באַרג-אינדוסטריע; דאָס איז, אמת, נוגע צו אַ לאַנד, וואו די אינדוסטריע איז באַשיצט דורך פּראָטעקציאָן — אפּצאָלונגען און דורך טראַנס-פּאָרט-טאַריפן, די באַרג-אינדוסטריע פון דייטשלאַנד איז געוואָרן שוין צייטיק אויף צו עקספּראָפּריאירן זי" ⁴).

צו אַזאַ אויספיר האָט געמוזט קומען אַן ערליכער בורזשו-אַזער עקאָנאָמיסט. מע דאַרף אָנמערקן, אז ער טיילט אזוי ווי אויס דייטשלאַנד באַזונדער, מחמת דעם, וואָס איר אינדוסטריע איז באַשיצט דורך הויכע פּראָטעקציאָן — אָפּצאָלונגען. נאָר דאָס האָט געקאָנט בלויז פאַרגיכערן די קאָנצענטרירונג און די אויס-בילדונג פון מאָנאָפּאָליסטישע אונטערנעמער-פאַרבאַנדן, פון קאַר-טעלן, סינדיקאַטן וכדומה. ס'איז זעהר וויכטיק, וואָס אין איינג-לאַנד, אין אַ לאנד פון פרייען האַנדל, פירט די קאָנצענטרירונג אויך צו מאָנאָפּאָל, הגם א ביסל שפּעטער און אין אן אנדער, אפשר, פאָרם. אט וואָס ס'שרייבט דער פּראָפעסאָר הערמאַן לעווי אין א ספּעציעלער אויספאָרשונג וועגן „מאָנאָפּאָלן קאַרטעלן און טרעסטן" אויפן סמך פון מאַטעריאַלן וועגן דער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג פון איינגלאַנד:

„אין איינגלאַנד איז דער גראַנדיעזער מאַסשטאַב פון די אונטערנעמונגען און זייער הויכע טעכנישע אנטוויקלונג, טראָגן אין זיך נעמליך א טענדענץ צו מאָנאָפּאָל. די קאָנצענטרירונג האָט, פון איין זייט, געבראַכט צו דעם, אז ס'קומט אויס אויסצו-געבן אויף דער אונטערנעמונג געוואַלטיקע געלט-סומען; און די נייע אונטערנעמונגען שטייען דעריבער פאַר אַלץ העכערע פאָ-דערונגען בנוגע צום מאַסשטאַב פונם נויטיקן קאַפּיטאַל, און דאָס מאַכט שווער זייער אויפקומען. פון דער אנדער זייט (און דעם פונקט האלטן מיר פאַר א מער וויכטיקן) מוז יעדע נייע אונטער-נעמונג, וועלכע וויל זיך שטעלן אויף דער הויך פון די גיגאַנטי-שע אונטערנעמונגען, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן דורך דער

קאָנצענטרירונג, אויך אַרבעטן אַזאַ געוואַלטיג איבערפליסיגע צאָל פּראָדוקטן, אַז פאַרקויפן זיי מיט רווח איז מעגליך נאָר דאַן, ווען ס'ווערט אויסגעוויינליך גרויס די פאָדערונג אויף זיי, ווען אָבער ניט, ווערט דער איבערפלוס פּראָדוקטן קלענער מאַכן די פּרייזן אויף אַזוי-ויל, אַז ס'וועט ביטלינגען ניט דער נייער פאַבריק, ניט דער גרויסער צאָל פאַרבאַנדן". אין איינגלאַנד קומען אויף מאָנאָפּאָליסטישע אונטערנעמערפאַרבאַנדן—צום אונטערשייד פון אַנדערע לענדער, וואו די פּראָטעקציאָן—אפּשאָצונגען פאַרגרינגערן די קאַרטעלירונג—בלויז דאַן, ווען די צאָל הויפּט-קאָנקורירנדיקע אונטערנעמונגען ווערט דערפירט צו אזעלכע צוויי טוץ. די ווירקונג פון דער קאָנצענטראַציע אויף די אויפקומונג פון דער מאָנאָפּאָל אין דער גרויס-אינדוסטריע, ווערט דאָ אַרויס אין דער גרעסטער קלאָרקייט *).

מיט 50 יאָר צוריק, ווען מאַרקס האָט געשריבן זיין „קאַפּיטאַל", האָט דאָס רוב עקאָנאָמיסטן געהאַלטן די פרייע קאָנקורענץ פאַר אַ „נאַטור-געזעץ". די אָפיציעלע וויסנשאַפט האָט דורך די ווילע פון פאַרשוויגן געוואוסט דערשטיקן מאַרקס ווערק, וואָס האָט דורכן טעאָרעטישן און היסטאָרישן אַנאַליז פונם קאַפּיטאַליזם דערוויזן, אַז די פרייע קאָנקורענץ רופט אַרויס די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע, און די דאָזיקע קאָנצענטרירונג פירט אויף אַ געוויסער שטופע פון איר אַנטוויקלונג צו מאָנאָפּאָל. איצט איז די מאָנאָפּאָל געוואָרן אַ פאַקט. די עקאָנאָמיסטן שאַפן גאַנצע בערג ביכער, וואו זיי באַשרייבן באַזונדערע דערשיינונגען פון דער מאָנאָפּאָל, און שטימען נאָך אַלץ אין איין קול, אַז „דער מאַרקסיזם איז צעקלאַפּט". נאָר „אַ פאַקט איז אַ גרויסער עקשן", זאָגט אַן ענגליש שפּריכוואָרט, און ווילנדיק ניט ווילנדיק מוז מען זיך מיט אים רעכענען. די פאַקטן באַווייזן, אַז די פאַרשיידנקייטן צווישן באַזונדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, בנוגע, למשל, צום פּראָטעקציאָניזם אָדער צום פרייען האַנדל, האָבן נאָר קליינוואַרדיקע פאַרשיידנקייטן אין דער פאָרם פון די מאָנאָפּאָלן אָדער אין דער צייט, ווען זיי קומען אויף. נאָר דאָס,

וואס די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע רופט אַרויס די מאָנאָפּאָל, דאס איז אן אלגעמיינער און א גרונט-געזעץ פון דער איצטיקער שטופע קאפּיטאליזם — אנטוויקלונג.

פאר אייראָפּע קען מען גאנץ פּינקטליך איינשטעלן די צייט, ווען דער אלטער קאפּיטאליזם איז לגמרי פארביטן געווארן מיטן נייעם: דאס איז בעמליך דער אנהויב פונם צוואנציקסטן יאָרהונדערט. אין איינעם פון די נייסטע זאמלווערק וועגן דער געשיכטע „פון דער אויסבילדונג פון די מאָנאָפּאָלן" לייענען מיר: „פון דער תקופה ביזן 1860 יאָר קען מען ברענגען איינצלנע ביישפּילן פון קאפּיטאליסטישע מאָנאָפּאָלן; מע קען אין זיי געפינען שפּראָצונגען פון יענע פארמען, וועלכע זיינען געווארן אזעלכע געוויינטליכע פאר דער איצטיקער צייט; נאר, דאס אלץ איז בנוגע צו די קארטעלן לחלוטין פּאָרהיסטאָרישע צייטן. דער ווירקליכער אנהויב פון די מאדערנע מאָנאָפּאָלן איז על כל פּנים ניט פריער פאַרן 1860-טן יאר. דער ערשטער גרויסער פּעריאָד פון דער מאָנאָפּאָלן-אנטוויקלונג הויבט זיך אן פון דער אינטערנאציאָנאלער דעפּרעסיע פון דער אינדוסטריע אין די 1870-ער יארן און דויערט ביזן אנהויב פון די 1890-ער יארן". „אויב מע זאל באטראַכטן דעם ענין אין אייראָפּעאישן מאַסשטאב, דעמאלט זיינען די 70—60-ער יאָרן דער גרעניץ-פּונקט פון דער אנטוויקלונג פון דער פרייער קאָנקורענץ. דאַן האט ענגלאנד פארענדיקט די בויאונג פון איר קאפּיטאליסטישער ארגאניזאציע פונם אלטן סטיל. אין דייטשלאנד טרעט דאן די דאָזיקע ארגאניזאציע אריין אין אן ענערגישן קאמף מיט דער האנטווערקעריי און מיט דער היימ-אינדוסטריע און הויבט אן שאפן אירע עקזיסטענץ-פארמען".

„א גרויסע איבערקערעניש הויבט זיך אָן פונם קראך פון 1873-טן יאר, אדער, ריכטיקער, פון דער דעפּרעסיע, וועלכע איז אנגעקומען נאך אים און וועלכע — מיט א גאנץ קליינער הפסקה אין אנהויב פון די 80-יקער יאָרן און מיט אן אויסערגעוויינטליך שטאַרקער, נאר קורצער אויפבליהונג אין ערך אין 1889-טן יאר — פילט

אן 22 יאָרן פון דער אייראָפּעאישער עקאָנאָמישער געשיכטע".

„פאַר דער קורצער צייט פון אויפבליהונג אין 1889—90=טן יאר האט מען שטאַרק באנוצט די קארטעלן כדי אויסצינוצן די קאניונקטור. די ניט אויסגעטראכטע פּאָליטיק האט געהויבן די מקוזים נאך גיכער און שטאַרקער, איידער דאס וואלט פארגעקומען אן קארטעלן. און כמעט אלע קארטעלן האבן געהאט א מיאוסן סוף און זיינען באגראָבן געוואָרן אין „קבר כונם קראך". ס'איז אריבער נאך פינף יאָר מיט שלעכטע.געשעפטן און נידעריקע מקחים, נאָר אין דער אינדוסטריע האט שוין געהערשט אן אנדער שטימונג: די דעפּרעסיע האט מען ניט געהאלטן פאר א באזונדערע זעלבסטשטענדיקע זאַך, מע האט אין איר איינגעזעהן בלויז א פויזע פאר א נייער גינסטיקער קאָניונקטור.

„און אט האט די קארטעלבאוועגונג אריינגעטראטן אין איר צווייטער עפּאָכע. אנשטאט צו זיין א איבערגאנגליכע דערשיינונג ווערן די קארטעלן איינער פון די יסודות פונם גאנצן ווירטשאפטליכן לעבן. זיי נעמען איין אינדוסטריע געביט נאכן צווייטן און אין דער ערשטער ריי נעמען זיי איין די באארבעטונג פון רויע מאטעריאלן. שוין אין אנהויב פון 1890=טן יאר האבן די קאַרטעלן אין דער ארגאניזאַציע פון דעם קאָקס=סינדיקאט, לויט וועמענס מוסטער ס'איז געשאפן געוואָרן דער קוילן-סינדיקאט, אויסגעארבעט פאר זיך אזא קארטעלן=טעכניק, וואס ווייטער פון איר איז די באוועגונג אייגנטליך ניט אוועק. די גרויסע אויפבליהונג פון סוף פון 19-טן יארהונדערט און דער קריזיס פון 1900—3-טן יאר שטייען—לכל הפחות אין דער בארג און אייזן=אינדוסטריע—דאס ערשטע מאל אינגאנצן אונטער דעם צייכן פון קארטעלן. און אויב דאן איז עס נאך געווען עפּעס אַ נייס, איז עס איצטער געווארן א בולטער אמת פארן בריטן געזעלשאפטליכן באוואוסטזיין, אז די גרויסע טיילן פון דעם ווירטשאפטליכן לעבן זיינען, ווי אן אלגעמיינער כלל, אויסגעשלאסן פון דער פרייער קאנקורענץ" [6].

אַט דאָס זיינען, בכן, די גרונט-עטאַפּן פון דער מאָנאָפּאָלן-געשיכטע: 1) 1860—1870 יאָרן—די העכסטע גרענעץ-שטופע פון דער אַנטוויקלונג פון דער פרייער קאָנקורענץ — מאָנאָפּאָלן זיינען נאָך קוים מערקליכע שפּראָצונגען. 2) נאָך קריזיס פון 1873 גייט אַ פּעריאָד פון ברייטער אַנטוויקלונג פון די קאַרטעלן, נאָר זיי זיינען נאָך אַ יוצא מן הכלל, זיי זיינען נאָך ניט פעסט, זיי זיינען נאָך אַ איבערגאַנגליכע דערשיינונג. 3) די אויפבליהונג פון סוף פון ניינצעטן יאָרהונדערט און דער קריזיס פון 1900—1903 יאָרן; די קאַרטעלן ווערן איינער פון די יסודות פון דעם גאַנצן ווירטשאַפטליכן לעבן. דער קאַפּיטאַליזם האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אימפּעריאַליזם.

די קאַרטעלן ריידן זיך צונויף וועגן די באַציהונגען פון פאַרקויף, וועגן די טערמינען פון צאָלונגען און א. וו. זיי טיילן צווישן זיך די געביטן פון פאַרקויף, זיי באַשטימען די צאָל פּראָדוקטן, וואָס דאַרף אויסגעאַרבעט ווערן, זיי שטעלן איין די מקחים, זיי פאַרטיילן דעם ריווח צווישן באַזונדערע אונטערנעמונגען און א. וו.

אין דייטשלאַנד איז די צאָל קאַרטעלן געווען אין 1896-טן יאָר אַן ערך 250 און אין 1905-טן יאָר — 385, אין זיי האָבן אָנטייל גענומען בא א 12 טויזנט אונטערנעמונגען 7). נאָר אַלע זיינען מודה, אַז די דאָזיקע צאָלן זיינען פאַרקלענערט. פון די אויבן געבראַכטע פאַקטן פון דער דייטשישער אינדוסטריע סטאַטיסטיק פון 1907 יאָר איז ניכר, אַז אפילו די 12 טויזנט גרעסטע אונטערנעמונגען קאָנצענטרירן בא זיך, געוויס מער ווי די העלפט פון דעם אַלגעמיינעם סכום דאַמף און עלעקטריע-קראַפט.

אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון צפון-אַמעריקע זיינען די צאָל טרעסטן אין 1900-טן יאָר געווען 185, אין 1907-טן יאָר 250. די אַמעריקאַנער סטאַטיסטיק טיילט אין אַלע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען אין אַזעלכע, וואָס געהערן צו איינצלנע פּערזאָנען, פירמעס און קאָרפּאָראַציעס. צו די לעצטע האָט אין 1904-טן

יאר געהערט 23,6%, אין 1909-טן יאר 25,9%, דאָס הייסט מער ווי א פערטעל פון דער אלגעמיינער צאָל אונטערנעמונגען. אין די דאָ- זיקע אונטערנעמונגען זיינען געווען ארבעטער: 70,6% — אין 1904 יאָר 75,6% (דריי פערטעל פון דער אלגעמיינער צאָל) אין 1909-טן יאָר; די גרויס פון דער פּראָדוקציע איז געווען: 109 און 16,3 מיליאַרד מאַרק. דאס הייסט 73,7% און 79% פון דער גאַנ- צער פּראָדוקציע.

אין די הענט פון די קאַרטעלן און די טרעסטן איז גאנץ אָפט קאָנצענטרירט 7—8 צענטל פון דער גאַנצער פּראָדוקציע פון דער געגעבענער אינדוסטריע-צווייג: דער ריינישע-וועסטפאלישער שטיינקוילן-סינדיקאַט האָט בײַ זיין גרינדן זיך אין 1893-טן יאָר קאָנצענטרירט אין זיינע הענט 86,7% פון דער גאַנצער פּראָדוק- ציע פון קוילן אין ראַיאָן, און אין 1910-טן יאָר האָט זיך שוין בײַ אים געפונען 95,4%.

די אויף אזא אופן געשאַפענע מאָנאָפּאָל, גאַראַנטירט קאָ- לאָסאַלע הכנסות און פירט צו דער אויסבילדונג פון אומגעהייער גרויסע טעכניש-פּראָדוקציאָנעלע איינהייטן. דער באַרימטער נאַפט- טרעסט אין די פאַראייניקטע שטאַטן (Standard Oil Company) איז געגרינדעט געוואָרן אין 1900-טן יאָר. זיין קאַפּיטאַל איז באַשטאַנען פון 150 מיליאָן דאָלאַרס. ס'איז ארויסגעלאָזן געוואָרן 100 מיליאָן געוויינטלעכע אַקציעס און אויך 106 מיליאָן פּריוויליגירטע. אויף די לעצטע האָט מען אויסגעצאָלט דיווידענד אין משך פון 1900—1907 יאָרן: 48, 48, 45, 44, 36, 40, 40, 40%; סך הכל 341 מיליאָן דאָלערס. פון 1882-טן יאָר ביזן 1907-טן יאָר האָט מען באַקומען ריינעם רווח 889 מיליאָן דאָלערס; פון זיי האָט מען 606 מיליאָן איינגעצאָלט דיווידענד. און דאָס איבע- ריקע איז אריין אין רעזערוו-קאַפּיטאַל [8]. אין אלע אונטערנעמונ- גען פון שטאַל-טרעסט (United States Steel Corporation) איז אין 1907-טן יאָר געווען ניט ווייניקער, ווי 210,180 ארבעטער און אָנגעשטעלטע. די גרעסטע אונטערנעמונג פון דער דייטשישער

באַרג-אינדוסטריע — די געלזענקירכנער באַרג-געזעלשאַפט (Gelsenkirchner Bergwerks-gesellschaft) האָט אין 1908-טן יאָר געהאַט 46,048 אַרבעטער און אָנגעשטעלטע"[9]. נאָך אין 1902-טן יאָר פלעגט דער שטאָל-טרעסט אויסאַרבעטן 9 מיליאָן טאָנעס שטאָל[10]. אין 1901-טן יאָר האָט זיין פּראָדוקציע געבילדעט 60.3 %, אין 1908-טן יאָר 56,1 % פון דער גאַנצער שטאָל-פּראָדוקציע פון די פאַראייניקטע-שטאַטן[11]; די אַרץ אויס-באַקומונג איז געווען 43,3 % און 46,3 % פאַר די זעלביקע יאָרן[12].

דער באַריכט פון דער אַמעריקאַנער רעגירונגס-קאָמיסיע וועגן די טרעסטן זאָגט: „זייער אויבערהאַנט איבער די קאָנקורענטן איז געגרינדעט אויף דער קאָלאָסאַלער גרויס פון זייערע אונטערנעמונגען און אויף דער אויסגעצייכנט אויסגעשטעלטער טעכניק. דער טאַבאַק-טרעסט האָט פון זיין סאַמע גרינדונג אָן אנגעווענדעט אַלע כוחות, כדי אומעטום צו פאַרבייטן אין אַ ברייטער מאָס די האַנט-אַרבעט מיט מאַשין-אַרבעט. צו דעם צוועק פלעגט ער אויפקויפן אַלע פּאַטענטן, וועלכע האָבן אַ וועלכע ניט איז שייכות צו דער טאַבאַק-באַאַרבעטונג, און ער האָט אויסגעגעבן אויף דעם קאָלאָסאַלע געלט-סומען. א סך פּאַטענטן האָבן התחלת ניט געטויגט, און אינזשענערן, וואָס דינען ביים טרעסט, האָבן געמוזט זיי איבעראַרבעטן. צום סוף פון 1906-טן יאָר זיינען געשאַפן געוואָרן אַזוי פילע געזעלשאַפטן מיטן אויסשליסליכן צוועק אויפצוקויפן די פּאַטענטן. צוליב דעמזעלביקן צוועק האָט דער טרעסט געגרינדעט זיינע גיסערייען, מאַשין-פאַבריקן און רעמאָנט-וואַרשטאַטן. איינע פון די דאָזיקע אונטערנעמונגען, אין ברוקלין, פאַרנעמט דורכשניטליך 300 אַרבעטער; דאָ ווערן דורכגעמאַכט עקספּערימענטן איבער די המצאות אויף אויסצואַרבעטן פּאַפּיראָסן, קליינע סיגאַרן, שמעק טאַבאַק, פּלאַטן-בליי אויף איינצופּאַקן, קעסטלאַך און אַז. וו.; דאָ ווערן אויך פאַרפּולקומט נייע המצאות"[13]. „אויך די איבעריקע טרעסטן האַלטן בא זיך אויף

ספעציעל ווערט אויך פארגעזעלשאפטליכט דער פראצעס פון טעכנישע המצאות און פארפולקומונגען.

דאס איז שוין גאר ניט וואס, וואס די אלטע פרייע קאנקו-רענץ צווישן די צעשטיקלטע באלעבאטים, וואס ווייסן גארנישט ניט איינער פון דעם צווייטן, וואס פראדוצירן צום באדארף אויף אן אומבאוואוסטן מארק. די קאנצענטרירונג איז אזוי ווייט אוועק, אז מע קען דורכמאכן א לכל-ערכדיקן חשבון פון אלע קוואלן פון רויע מאטעריאלן (למשל, פון ערד, וואס איז רייך מיט אייזן-ערץ) אין דעם געגעבענעם לאנד און אפילו, ווי מיר וועלן זעהן, אין דער גאנצער וועלט. ס'ווערט ניט נאר דורכגעמאכט אזא חשבון, נאר די דאזיקע קוואלן ווערן פארכאפט אין איין האנט דורך די ריזנדיקע מאנאפאל-פארבאנדן. ס'ווערט דורכגעפירט א לכל-ערכדיקע אויסרעכענונג פון דער גרויס פון מארק, וועלכן די דאזיקע פארבאנדן „צעטיילן" צווישן זיך לויט אן „אפמאך". ס'ווערן מאנאפאליזירט די אויסגעבילדעטע ארבעטס-כוחות, ס'ווערן געדונגען די בעסטע אינזשענערן; ס'ווערן פארכאפט די קאמוניקאציאן-וועגן און מיטלען — די אייזנבאנען אין אמעריקע, די דאמפשיף-געזעלשאפטן אין אייראפע און אין אמעריקע. דער קאפיטאליזם אין זיין אימפעריאליסטישער שטופע פירט פעסט צו דער אלזייטיקער פארגעזעלשאפטליכונג פון דער פראדוקציע, ער שלעפט אריין, אזוי צו זאגן, די קאפיטאליסטן, קעגן זייער ווילן און באוואוסטזיין, אין עפעס א נייע געזעלשאפטליכע ארדענונג, אין אן איבערגאנגס-ארדענונג פון פולשטענדיקער קאנקורענץ-פרייהייט צו פולשטענדיקער פארגעזעלשאפטליכונג. די פראדוקציע ווערט א געזעלשאפטליכע, נאר דאס פאראייגענען די פראדוקטן פארבלייבט פריוואט. די געזעלשאפטליכע פראדוקציאן-מיטלען פארבלייבן א פריוואט-אייגנטום פון א קליינער צאל מענטשן. עס פארבלייבן די אלגעמיינע ראמען פון דער פארמעל אנערקענטער פרייער קאנקורענץ, און דער דרוק פון א קליינער צאל מאנאפאליסטן איבער דער איבעריקער באפעלקערונג ווערט אין

הינדערט מאָל שווערער, פֿילפֿאַכער און אומדערטרעגלעכער.

דער דײַטשישער עקאָנאָמיסט קעסטנער האָט געווידמעט אַ ספּעציעל ווערק „דעם קאַמף צווישן די קאַרטעלן און די זײַטיקע", דאָס הייסט, יענע אונטערנעמער וועלכע גייען ניט אַרײַן אין קאַרטעל. דאָס דאָזיקע ווערק האָט ער אַ נאָמען געגעבן: „דער צוואַנג צו „אָרגאַניזירונג"", אין דער צײַט ווען מע האָט געדאַרפֿט ריידן וועגן „צוואַנג אויף אונטערצוואַרפֿן זיך אונטער די מאָנאָפּאָל-פֿאַרבאַנדן". מע קען פֿאַרנעמען אַ טוסף-השכל, ווען מע זאָל בלויז איבערקוקן די רשימה פֿון יענע מיטלען פֿון דעם מאָדערנעם, ציוויליזירטן קאַמף פֿאַר „אָרגאַניזירונג", וועלכע מ'ווענדן אָן די מאָנאָפּאָל-פֿאַרבאַנדן: 1) ניט צולאָזן קיין רויע מאַטעריאַלן... („איינער פֿון די וויכטיקסטע מעטאָדן צו צווינגען אַרײַנצוטרעטן אין קאַרטעל"); 2) ניט צולאָזן קיין אַרבעטס-הענט מיט דער הילף פֿון די „אַליאַנסן" (דאָס הייסט, דורך אָפּמאַכן צווישן די קאַפּיטאַליסטן מיט די אַרבעטער-פֿאַראיינען וועגן דעם, אַז די לעצטע זאָלן אָננעמען אַרבעט נאָר אין די קאַרטעלירטע אונטערנעמונגען); 3) ניט צולאָזן דאָס צופֿירן; 4) ניט צולאָזן קיין אָפּזאַץ; 5) אַן אָפּמאַך מיטן קויפֿער וועגן פֿירן האַנדלס-באַציִונגען אויסשליסלעך מיט די קאַרטעלן; 6) פּלאַנמעסיק קלענער מאַכן די מקחים (כדי צו רואינירן די „זײַטיקע", דאָס הייסט, יענע אונטערנעמונגען, וועלכע וואַרפֿן זיך ניט אונטער די מאָנאָפּאָליסטן: ס'ווערן אויסגעגעבן מיליאָנען אויף צו פֿאַרקויפֿן אין משך פֿון אַ געוויסער צײַט פֿאַר אַ קלענערן פֿון דעם איינגן-קאָסטן מקח (אין דער בענזין-אינדוסטריע זײַנען געווען בײַשפּילן ווען מע פֿלעגט קלענער מאַכן די מקחים פֿון 40 אויף 22 מאַרק, דאָס הייסט, כמעט אין צוויי מאָל!); 7) אָפּנעמען דעם קרעדיט; 8) דערקלערן אַ בויקאָט.

דאָ האָבן מיר שוין צו טאָן ניט מיטן קאָנקורענץ-קאַמף צווישן קליינע און גרויסע, צווישן טעכניש אָפּגעשטאַנענע און טעכניש פּראָגרעסיווע אונטערנעמונגען. דאָ האָבן מיר צו טאָן

מיט דעם, וואס די מאנאפאליסטן דערשטיקן יענע, וועלכע ווארפן זיך ניט אונטער אינטער דער מאנאפאל, אונטער איר דרוק, איר ווילן. אט ווי דער דאזיקער פראצעס שפיגלט זיך אפ אינם באוואוסטזיין פון דעם בורזשואזן עקאנאמיסט: „אפילו אינם געביט פון ריין ווירטשאפטלעכער טעטיקייט —, שרייבט קעסטנער — קומט פאר א געוויסע איבערריקונג פון דער האנדלס-טעטיקייט אין פריערדיקן זין צו אן ארגאניזאטאריש-ספעקולאטיווער. דעם גרעסטן ערפאלג האט ניט דער סוחר, וועלכער ווייס, ווי אזוי אויפן סמך פון זיין טעכנישער און האנדלס-פראקטיק בעסער פון אלץ אפצושאצן די באדערפענישן פון די קויפער, ווי אזוי ארויסצוגעפינען און, אזוי צו זאגן „צו אנטדעקן“ די פאדערונג, וועלכע געפינט זיך אין א פארבארגענעם צושטאנד, נאר דער ספעקולאטיווער געניוס (!?), וועלכער קען פון פריער אויסרעכענען אדער כאטש דערשפירן די ארגאניזאציאן-אנטוויקלונג, די מעגלעכקייט פון געוויסע פארבינדונגען צווישן איינצלנע אונטערנעמונגען און צווישן די בייַנק“...

אויב מע זאל עס איבערזעצן אין א מענטשלעכער שפראך, באטייט עס אט וואס: די אנטוויקלונג פונם קאפיטאליזם איז דערגאנגען אזוי ווייט, אז הגם די סחורות-פראדוקציע „הערשט“ נאך ווי פריער און ווערט נאך אלץ גערעכנט פאר א יסוד פון דער גאנצער ווירטשאפט, נאר אין דער אמתן איז זי שוין אונטערגעריסן, און דער הויפט-ריווח קומט אן די „געניעס“ פון די פינאנץ-שווינדלערייען. אין יסוד פון די דאזיקע שווינדלערייען און אפנארערייען ליגט די פארגעזעלשאפטלעכונג פון דער פראדוקציע, נאר דער גיגאנטישער פראגרעס פון דער מענטשהייט, וועלכע האט דערגרייכט ביז דער דאזיקער פארגעזעלשאפטלעכונג, ברענגט נוצן נאר די ספעקולאנטן. ווייטער וועלן מיר זען, ווי „אויף דעם דאזיקן גרונט“ חלומט די קליינבירגערלעך-רעאקציאנערע קריטיק פונם קאפיטאליסטישן אימפעריאליזם, וועגן זיך אומקערן אויף צוריק, צו „פרייער“, „פרידלעכער“ „ערלעכער“ קאנקורענץ.

איבערבילדונג פון מאָנאָפּאָלן. נאָר ס'וואָלט געווען אַ טעות צו מיינען אַז די מאָנאָפּאָלן קומען ניט אויף אויך אין די איבעריקע אינדוסטריע-צווייגן וואו ס'איז אוממעגליך צו פאַרכאַפּן די קוואַלן פון די-מאַטעריאַלן. אין דער צעמענט-אינדוסטריע איז אומעטום פאַראַן רוי מאַטעריאַל, נאָר אויך די דאָזיקע אינדוסטריע איז שטאַרק קאַרטעליִרט אין דייטשלאַנד. די זאַוואָדן האָבן זיך פאַראייניקט אין סובראַיאָן-סינדיקאַטן: דרום-דייטשישער, ריינישוועסטפאַלער אין א. וו.; ס'זיינען איינגעשטעלט מאָנאָפּאָל-מקחים: 230—280 מאַרק פאַר אַ וואַגאָן, בעת אַ אײַגנקאָסטן פון 180 מאַרק! די אונטערנעמונגען גיבן 12—16% דיווידענט, און דערביי דאַרף מען ניט פאַרגעסן, אַז די „געניעס” פון דער מאָדערנער ספּעקולאַציע ווייסן גאַנץ גוט, ווי אַזוי איבערצולייגן אין זייער אייגענע קעשענעס גרויסע סומען רווחים, אַחוץ די, וואָס ווערן פאַנאַנדערגעטיילט בתור דיווידענט. כדי צו באַזייטיקן די קאָנקורענץ פון אַזאַ גוטן געשעפט, לאָזן זיך די קאַפּיטאַליסטן אַפילו אויף קונצשטיקער: ס'ווערן פאַרשפּרייט פאַלשע קלאַנגען וועגן דער שלעכטער לאַגע פון דער אינדוסטריע; ס'ווערן געדרוקט אין די צייטונגען אַנאָנימע מעלדונגען: „קאַפּיטאַליסטן! היט זיך פון צו פאַרטאָן אייערע קאַפּיטאַלן אין דעם צעמענט-געשעפט”; לסוף, קויפט מען אויף די אונטערנעמונגען פון די „זייטיקע”, (וואָס הייסט, פון די, וועלכע נעמען ניט קיין אנטייל אין די סינדיקאַטן) מע צאָלט זיי „אָפּטרעט-געלט” 60-80-150 טויזנט מאַרק [1]). די מאָנאָפּאָל שלאָגט זיך אומעטום און אויף אַלערליי אופנים דורך אַ וועג, אָנהייבנדיק פון דעם „באַשיידענעם” אָפּטרעט-געלט און ענדיקנדיק מיטן „אַנווענדן” דינאַמיט צום קאָנקורענט, אויפן אַמעריקאַנער שטייגער.

אַז די קאַרטעלן באַזײַטיקן די קריזיסן — דאָס איז אַן אויסגעטראַכטע מעשה פון די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן, וועלכע באַרעכטיקן דעם קאַפּיטאַליזם אין אַלע פאַלן. פאַרקערט, די מאָנאָפּאָל, וואָס ווערט געשאַפן אין איינציקע אינדוסטריע-צווייגן פאַר-

שטארקט און פארשארפט די כאַאָטישקייט, וועלכע ליגט בטבע פון דער גאַנצער קאפּיטאַליסטישער פּראָדוקציע, די אומגלייכ־קייט אין דער אַנטוויקלונג פון ערדארבעט און פון אינדוסטריע, וועלכע איז בכלל כאַראַקטעריש פאר'ן קאפּיטאַליזם ווערט נאָך גרעסער. די פּריווילעגירטע לאַגע, אין וועלכער ס'געפינט זיך די מער קארטעלירטע, די אזוי גערופענע שווערע אינדוסטריע, בפרט קוילן און אייזן, פירט צו דעם, אז אין די איבעריקע אינדוס־טריע-צווייגן „פילט זיך נאָך שארפער די אומפּלאַנמעסיקייט", ווי עס דריקט זיך אויס איידעלס, דער מחבר פון איינעם פון די בעסטע ווערק וועגן „דער באַציהונג פון די דייטשישע גרויסע בּאַנק צו דער אינדוסטריע" [18].

„וואָס מער די פאָלקס-ווירטשאפט איז אנטוויקלט — שרייבט ליפמאַן, א חוצפּהדיקער פּאַרטייאיקער פונם קאַפּיטאַליזם — אַלץ מער נעמט זי זיך פאר מער ריזיקאַלישע אדער פאַר אויסלענדישע אונטערנעמונגען, פאַר אזעלכע, וועלכע פאָדערן א לאַנגע צייט כדי זיך צו אנטוויקלען אָדער, לסוף, פאר אזעלכע, וועלכע האָבן בלויז אן אָרטיקע באַטייטונג" [19].

די פאַרגרעסערונג פון דער ריזיקע איז, סוף כל סוף, פאַר־בונדן מיטן גיגאַנטישן וואוקס פונם קאפּיטאַל, וועלכער גיסט זיך, אַזוי צו זאָגן, אַריבער פון די ברעגעס, פליסט אוועק קיין אויס־לאַנד און א. וו. און צוזאַמען מיט דעם בויינגט דער אויפערגע־וויינטליך גיכער וואוקס פון דער טעכניק מיט זיך אלץ מער עלעמענטן פון אומגלייכקייט צווישן די פארשיידענע זייטן פון דער פאָלקס-ווירטשאַפט, פון כאַאָטישקייט, פון קריזיסן. מסתמא— איז געצוואונגען מודה צו זיין דערזעלביקער ליפמאַן — שטייט דער מענטשהייט אין דער נאָהענטסטער צוקונפט ווידער פאָר גרויסע איבערקערענישן אינם געביט פון טעכניק, וועלכע וועלן האבן א ווירקונג אויך אויף די פאָלקסווירטשאפטליכע ארגאניזאציע"... עלעקטריע לופט-פליהעריי. „געוויינטליך און לויט דעם אלגעמיי־

נעם כלל איז אין אזעלכע צייטן פון ראדיקאלע עקאנאמישע ענ-דערונגען אנטוויקלט זיך א גרויסע ספעקולאציע" [2]).

און די כלערליי קריזיסן — אפטער פאר אלץ עקאנאמישע, גאר ניט בלויז עקאנאמישע - פארשטארקן פון זייער זייט זעהר די טענדענץ צו קאנצענטרירונג און צו מאנאפאליזירונג. אט זיינען די זעהר באלערנדיקע איבערלעגס געדאנקען וועגן די באדייטונג פונם קריזיס-אין 1900-טן יאר, פונם קריזיס, וואס האט, ווי מיר וויסן, געשפילט א ראלע פון א ווענדונג-פונקט אין דער געשיכטע פון די נייסטע מאנאפאלן.

„דער קריזיס פון 1900-טן יאר האט גלייך מיט גיגאנטישע אונטערנעמונגען אין די הויפט-צווייגן פון דער אינדוסטריע געשאפן נאך א סך אונטערנעמונגען, וואס זייער ארגאניזאציע איז שוין פארעלטערט, לויט די איצטערדיקע באגריפן, „ריינע" אונטערנעמונגען (דאס הייסט. ניט קאמבינירטע), וועלכע האבן א שטארקן וואקס געטון אין דער צייט פון דער אויפבליהונג אין דער אינדוסטריע. בעת אבער ס'זיינען געפאלן די פרייזן, ס'איז קלענער געווארן די פאדערונג, האט דאס געבראכט די דאזיקע „ריינע" אונטערנעמונגען צו א זעהר קלאגעדיקער לאגע, וועלכע האט כמעט באוגישט אדער זעהר ווייניק אנגערירט די קאמבינירטע גיגאנטישע אונטערנעמונגען. אין דער קריזיס פון 1900-טן יאר האט דעריבער אין א סך א גרעסערער מאס געפירט צו קאנ-צענטרירונג פון דער אינדוסטריע, איידער דער קריזיס פון 1878-טן יאר: דער לעצטער האט אויך געשאפן א געוויסן אפקלייב פון די בעסערע אונטערנעמונגען, נאר בא דער דאמאלדיקער הויך פון דער טעכניק האט דער דאזיקער אפקלייב ניט געקענט פירן צו דער מאנאפאליזירונג פון די אונטערנעמונגען, וואס זיינען געווען בכוח מיט נצחון ארויסגיין פונם קריזיס. טאקע אזא בעמליך לאנגדויערנדיקע מאנאפאל, און דערביי אין א הויכן גראד פאר-מאגן די אונטערנעמונגען פון דער איצטיקער אייזן און עלעקטרע אינדוסטריע, אדאנק זייער קאמפליצירטער טעכניק, ברייט דורכ-

געפירמער ארגאניזאציע, מעכטיקייט פון קאפיטאל, און ווייטער אין א קלענערער מאס פארמאגן אזא מאנאפאל אויך די אונטער-נעמונגען פון דער מאשינענבוי-אינדוסטריע, פון געוויסע צווייגן פון דער מעטאלורגישער אינדוסטריע, פון די פארקער-מיטלען און א. וו. [12]).

מאנאפאל — אט דאס איז דאס לעצטע ווארט „פון דער נייסטער פאזע אין דער אנטוויקלונג פונם קאפיטאליזם". נאר אונזערע פארשטעלונגען וועגן דער אמתער קראפט און באטייטונג פון די איצטיקע מאנאפאלן וואלטן געווען זעהר ניט קיין גע-נוגנדיקע, ניט קיין פולע, פארקלענערטע, אויב מיר וואלטן ניט גענומען אין באטראכט די ראלע פון די בײַנק.

## 2. די בײַנק און זייער נײַע ראלע.

די אנפאנגליכע און די גרונט אפעראציע פון די בײַנק איז פארמיטלונג בנוגע צו די צאָלונגען. אין צוזאמענהאנג מיט דעם פארוואנדלען די בײַנק דעם פאסיוון געלט-קאפיטאל אין אן אק-טיוון, דאס הייסט, אין אַזא קאפיטאל, וואס ברייגט ריווח, קלייבן צונויף אלע און כלערליי געלט-הכנסות און גיבן דאס איבער אין רשות פון די קאפיטאליסטן.

צוגלייַך מיט דעם, וואס דער באנק-געשעפט אנטוויקלט זיך און קאנצענטרירט זיך אין א קליינער צאל אנשטאלטן, פארוואנדלען זיך די בײַנק פון באשיידענע פארמיטלער אין הערשעדיקע מאנא-פאליסטן, וועלכע האבן צעשאפן איבערן גאנצן כמעט געלט-קאפיטאל פון דער גאנצער עדה קאפיטאליסטן און קלײנע באלע-באטים, און אויך איבערן גרעסטן טייל פראָדוקציאָן-מיטלען און קוואלן פון רוי-מאטעריאלן אין דעם געגעבענעם לאנד און אין א

גאַנצער רײ אַנדערע לענדער. אָט דאָס, וואָס אַ גרויסע צאָל באַשײדענע פאַרמיטלער פאַרוואַנדלען זיך אין אַ הײפעלע מאָנאָפּאָ-ליסטן — דאָס איז אײנער פון די גרונט-פּראָצעסן פון דער פאַר-וואַנדלונג פונם קאַפּיטאַליזם אין אַ קאַפּיטאַליסטישן אימפּעריאַליזם, און דעריבער מוזן מיר ראשית דבר זיך אָפּשטעלן אויף דער קאָנצענטרירונג פון באַנק-געשעפט.

אין 1907–8 יאָרן האָבן די דעפּאָזיטן פון אַלע אַקציאָנערע בײַנק אין דײַטשלאַנד, וועלכע האָבן געהאַט אַ קאַפּיטאַל פון העכער אַ מיליאָן מאַרק, דערגרײכט אַ סומע פון 7 מיליאַרד מאַרק: אין 1912–13 יאָרן שוין 9,8 מיליאַרד, פאַר פינף יאָר פאַרגרע-סערט געוואָרן אויף 40%, און פון די דאָזיקע צוגעקומענע 2,8 מיליאַרד קומט אויס 2,75 מיליאַרד אויף 57 בײַנק, וועלכע האָבן געהאַט אַ קאַפּיטאַל פון העכער 10 מיליאָן מאַרק. די פאַרטײלונג פון די דעפּאָזיטן צווישן די גרויסע און קלײנע בײַנק איז געווען אַזעלכע: [22].

דער פּראָצענט פון אַלע דעפּאָזיטן:

| | בײַ די בערלינער גרעסטע בײַנק | בײַ די איבעריקע 48 בײַנק מיט אַ קאַפּיטאַל פון העכער 10 מיליאָן מאַרק. | בײַ די איבעריקע 115 בײַנק מיט אַ קאַפּיטאַל פון 1—10 מיליאָן מאַרק | בײַ די קלײנע בײַנק (ווייניקער פון 1 מיליאָן) |
|---|---|---|---|---|
| 1907/8 | 47% | 32,5% | 16,5% | 4% |
| 1912/13 | 49% | 36% | 12% | 3% |

די קלײנע בײנק װערן אָפּגעשטױסן דורך די נײַן סך הכל גרױסע בײַנק, װאָס קאָנצענטרירן כּמעט אַ העלפֿט פֿון אַלע דע־פּאָזיטן. נאָר דאָ האָבן מיר נאָך זײער פֿיל זאַכן ניט גענומען אין באַטראַכט, למשל, דאָס, װאָס אַ גאַנצע רײ קלײנע בײנק װערן פֿאַרװאַנדלט אין פּאַקטישע אָפּטײלונגען פֿון די גרױסע און אַ. װ. װעגן װאָס מיר װעלן רײדן שפּעטער.

צום סוף פֿון 1913-טן יאָר האָט שולצע-העװערניץ אױסגע־רעכנט, אַז די דעפּאָזיטן פֿון די 9 בערלינער גרױסע בײנק באַ־טרעפֿן 5,1 מיליאַרד מאַרק פֿון דער אַלגעמײנער סומע דעפּאָזיטן בערך 10 מיליאַרד. דער זעלביקער אַװטאָר האָט געשריבן, נע־מענדיק אין באַטראַכט ניט נאָר די דעפּאָזיטן, נאָר דעם גאַנצן באַנק-קאַפּיטאַל: „צום סוף פֿון 1909-טן יאָר, האָבן 9 גרױסע בערלינער בײנק, צוזאַמען מיט די בײנק, װאָס שליסן זיך אײַנג אָן אין זײ אָפּערירט מיט 11,3 מיליאַרד מאַרק, דאָס הײסט מיט אַן ערך 83% פֿון דעם גאַנצן דײַטשישן באַנק-קאַפּיטאַל. „דער דײַטשישער באַנק (Deutsche Bank) װעלכער אָפּערירט צוזאַמען מיט די בײנק, װאָס שליסן זיך אָן אין אים אײנג אָן, מיט אַ סומע פֿון אַן ערך 3 מיליאַרד מאַרק, איז, צוזאַמען מיט דער פּרײסישער פֿאַרװאַלטונג פֿון די מלוכה-אײַזנבאַנען, די גרעסטע און דערבײַ די העכסט דעצענטראַ־ליזירטע קאַפּיטאַל-זאַמלונג אין דער אַלטער װעלט" [23].

מיר האָבן אונטערגעשטריכן די אָנװײַזונג אויף די בײנק, װאָס שליסן זיך אײַנג אָן אין די גרױסע, װײַל דאָס איז אײנע פֿון די װיכטיקסטע ספּעציעלע אײגנשאַפֿטן פֿון דער נײַסטער קאַ־פּיטאַליסטישער קאָנצענטרירונג. די גרױסע אונטערנעמונגען, די בײַנק בפֿרט איז ניט נאָר זײ שלינגען פּשוט אײַן די קלײנע, נאָר זײ „אײַניקן" זײ צו זיך, װאַרפֿן זײ אונטער אונטער זיך, שליסן זײ אײַן אין „זײַער" גרופּע, אין זײער „קאָנצערן" — אַזױ הײסט דער טעכנישער טערמין — דורכן „אַנטײל נעמען" אין זײער קאַפּיטאַל, דורכן אײַנקױפֿן אָדער אױסבײַטן זײערע אַקציעס, דורך

דער סיסטעם פון תובות-פארהעלטענישן און א. וו. און א. וו. דער פראפעסאר ליפמאן האט אפגעגעבן א גאנצע גרויסע „ארבעט״ פון פינף הונדערט זייטן דער באשרייבונג וועגן די מאדערנע „אנ-טייל און פינאנצירונג-געזעלשאפטן״ — צום באוויזערן האט ער צום רויען מאטעריאל צוגעגעבן גאנץ געמיינע „טעארעטישע״ חקירות. צו וואס באר א סך הכל אין זין פון קאנצענטרירונג עס פירט די דאזיקע סיסטעם פון „אנטייל נעמען״, איז בעסער גאר אלץ אויפגעוויזן אינם ווערק פון דעם באנק „טוער״ ריסער, וועגן די דייטשישע גרויסע בינק. נאר איידער מיר וועלן איבערגיין צו זיינע מאטעריאלן, וועלן מיר ברענגען איין קאנקרעטן ביישפיל פון דער סיסטעם פון „אנטייל נעמען״.

די גרופע פון „דייטשישן באנק״ איז איינע פון די גרעסטע, אויב נים די סאמע גרעסטע פון אלע גרופעס גרויסע בינק. כדי אפצוגעבן זיך א קלארן חשבון וועגן די הויפט-פעדים, וואס בינדן צונויף צוזאמען אלע בינק פון דער דאזיקער גרופע, מוז מען אונטערשיידן „אנטייל נעמען״ פון דער ערשטער, צווייטער און דריטער מדרגה, אדער, וואס ס׳איז אלץ איינס, די אפהייניקייט (אין וועלכער ס׳געפינען זיך די קלענערע בינק בנוגע צום „דייטשישן באנק״) פון דער ערשטער, צווייטער און דריטער מדרגה, עס באקומט זיך אזא בילד: [24]).

| | אפהייניגקייט פון דער ערש־טער מדרגה | אפהייניגקייט פון דער צווייטער מדרגה | אפהייניגקייט פון דער דריטער מדרגה |
|---|---|---|---|
| דער דייטשי־שער באנק | שטענדיק אין 17 [illegible] | פון די 9 אין [illegible] | פון די 4 אין 7 |
| נעמט אנטייל: צוזאמען מיט פארזארגטע [illegible] | 5 „ | — „ — | — „ — |

פון צײַט
צו צײַט  „  3  — „ — „  — „ — „

סך הכל  (60 בײַנק  פֿון זײ 14 אין 48  פֿון זײ 6 אין 9

אין די 8 בײַנק פֿון דער „אָפּהײנגיקײט פֿון דער ערשטער מדרגה" גײען אַרײַן דרײַ אױסלענדישע בײַנק: אײן עסטרײַכי-שער (דער װינער „באַנק-פֿאַראײַן") און צװײ רוסישע (דער סי-בירער האַנדלס-באַנק און דער רוסישער באַנק פֿאַר אױסערליכן האַנדל). סך הכל גײען אַרײַן אין דער גרופּע פֿונם „דײטשישן באַנק", דירעקט און אומדירעקט, אינגאַנצן און טײלװײַס, 87 בײַנק, אין דער גאַנצער קאַפּיטאַל אײגענער און פֿרעמדער, מיט װעלכן ס'האָט געשאַפֿן די דאָזיקע גרופּע, װערט באַשטימט אין 2—3 מיליאַרד מאַרק.

ס'איז קלאָר, אַז דער באַנק, װעלכער שטײט בראש פֿון אזא גרופּע און װעלכער טרעט אַרײַן אין אן אָפּמאַך מיט א האַלבן טוץ אַנדערע, עטװאָס קלענערע בײַנק, װעגן באַזונדער גרױסע אינ-טערעס—פֿינאַנץ-אָפּעראַציעס, װי אַ שטײַגער, מלוכה-הלואות, אז אזא באַנק איז שױן איבערגעװאַקסן די ראָלע פֿון „א פֿאַרמיט-לער" און האָט זיך פֿאַרװאַנדלט אין אַ פֿאַרבאַנד פֿון א הײפֿעלע מאָנאָפּאָליסטן.

מיט װאס פֿאַר אַ גיכקײט ס'איז געראַדע אין נײַנצעטן און אין אָנהױב פֿון צװאַנציקסטן יאָרהונדערט געגאַנגען אין דײטשלאַנד די קאָנצענטרירונג פֿון דעם באַנק-געשעפֿט, איז ניכר פֿון די רײַכע מאַטעריאַלן װאס מיר ברײנגען דא פֿאַר-קירצטע:

6 בערלינער גרױסע בײַנק האָבן געהאַט:

| די יאָרן | אָפטיילונגען אין דייטשלאנד | דעפּאָזיט-קאַסעס און אויס-בייט קאנטאָרן | באַשטענדיקע אַנטייל נעמען אין דייטשישע אקציאנ. בּיינק | ס״ה אַנ-שטאַלטן |
|---|---|---|---|---|
| 1895 | 16 | 14 | 1 | 42 |
| 1900 | 21 | 40 | 8 | 80 |
| 1911 | 104 | 276 | 63 | 450 |

מיר זעהען, ווי גיך ס'וואַקסט אויס אַ געדיכטע נעץ פון קאַנאַלן, וואס נעמען ארום דאָס גאַנצע לאַנד, וואס צענטראליזירן אלע קאַפּיטאלן און געלט=הכנסות, וואָס פאַרוואַנדלען טויזנטער צעברעקלטע ווירטשאַפטן אין אַן איינהייטליכע אַלנאַציאָנאלע קאפּיטאַליסטישע און דערנאָך אין אַן אַלוועלטליך-קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט. יענע „דעצענטראליזירונג“, וועגן וועלכער ס'האָט גערעדט אין דער אויבן געבראַכטער ציטאַטע שולצע-העווערניץ אין נאָמען פון דער בורזשואזער פּאָליטישער עקאָנאָמיע פון אונזער צייט, באַשטייט אין דער אמתן אין דעם, וואָס אַלץ אַ גרעסערע צאָל ביז אהער לפי ערך „זעלבסטשטענדיקע“, אדער, ריכטיקער, לאקאל (ארטיק) איינגעשלאָסענע, ווירטשאַפטליכע איינהייטן ווערן אונטערגעווארפן אונטער איין איינהייטליכן צענטער. אין דער אמתן איז עס, הייסט עס, אַ צענטראַליזירונג, א פאַרשטאַרקונג פון דער ראָלע, פון דער באַטייטונג, פון דער מעכטיקייט פון די מאָנאָפּאָליסטישע גיגאַנטן.

אין די מער אַלטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער איז די דאזיקע „באַנק=נעץ“ נאָך געדיכטער. אין איינגלאַנד אין איינעם מיט אירלאַנד האָט זיך אין 1910-טן יאָר די צאָל אָפּטיילונגען פון

אלע ביינק גערעכנט ביז 7,151, פיר גרויסע ביינק האָבן געהאַט איטליכער מער ווי 400 אָפּטיילונגען (פון 447 ביז 433), ווייטער נאָך פיר — מער ווי 200 און 11 — מער ווי 100.

אין פראַנקרייך האָבן די דריי גרעסטע ביינק „Credit Lyonnais", „Comptoir National d'Escompte" און „Société générale" אנטוויקלט זייערע אָפּעראַציעס און די נעץ פון זייערע אָפּטיילונגען אויף אזא אופן[25].

| | די צאָל אָפּטיילונגען און קאַסעס: | | | די גרויס פון קאַפּיטאַלן | |
|---|---|---|---|---|---|
| | אין דער פּראָווינץ | אין פּאַריז | ס"ה | פון אייגענעם | פון פרעמדן |
| | | | | (מיליאָנען פראַנק) | |
| 1870 | 47 | 17 | 64 | 200 | 427 |
| 1890 | 192 | 66 | 258 | 265 | 1245 |
| 1909 | 1,033 | 196 | 1229 | 887 | 4363 |

כדי צו כאַראַקטעריזירן „די פאַרבינדונגען" פון אַ מאָדערנעם גרויסן באַנק, ברענגט ריסער ידיעות וועגן די צאָל בריוו, וואָס ס׳שיקט אוועק און באַקומט „די דיסקאָנט-געזעלשאַפט", איינער פון די גרעסטע ביינק אין דייטשלאַנד און אין דער גאַנצער וועלט (זיין קאַפּיטאַל איז אין 1914-טן יאָר דערגאַנגען ביז 300 מיליאָן מאַרק).

| | די צאָל באַקומענע בריוו | די צאָל אוועקגעשיקטע בריוו |
|---|---|---|
| 1852 | 6,135 | 6,292 |

פאַרגרעסערונג פונם קאַפּיטאַל אין דער „דיסקאָנטאָ-געזעלשאַפט"
איז געווען איינער פון די עפּיזאָדן פון קאַמף פאַר העגעמאָניע
צווישן צוויי גרעסטע בערלינער בייַנק: צווישן דעם „דייטשישן
באַנק" און דער „דיסקאָנטאָ-געזעלשאַפט".

אין 1870-סטן יאָר איז דער ערשטער נאָך געווען אַן אָנפאַנ-
גער, און האָט געהאַט אַ קאַפּיטאַל סך הכל פון 15 מיליאָן, דער
צווייטער — פון 30 מיליאָן. אין 1908-יאָר האָט דער ערשטער גע-
האַט אַ קאַפּיטאַל פון 200 מיליאָן, דער צווייטער — פון 170 מיליאָן.
אין 1914-טן יאָר האָט דער ערשטער געהויבן זיין קאַפּיטאַל ביז
250 מיליאָן, דער צווייטער האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט אן אַנדער
ערשט קלאַסיק-גרויסן באַנק, מיט דעם „שאַפהויזענער פאַריי-
ניקטן באַנק" און האָט געהויבן זיין קאַפּיטאַל ביז 300 מיליאָן.
און, פאַרשטייט זיך, אַז דער דאָזיקער קאַמף פאַר העגעמאָניע
גייט האַנט בײַ האַנט מיט אַלץ אָפטער פאַרקומענדיקע און אַלץ
פעסטער ווערנדיקע „אָפּמאַכן" צווישן די צוויי בייַנק. אָט וואָס
פאַר אויספירן דער דאָזיקער אַנטוויקלונג-גאַנג צווינגט צו מאַכן
אַפילו די ספּעציאַליסטן פון באַנק-פאַך, וועלכע באַטראַכטן די
עקאָנאָמישע פראַגן פון אַ שטאַנדפּונקט, וואָס גייט אויף קיין פאַל
ניט ווייטער פון מעסיקן און פּינקטלעכסטן בירגערלעכן רעפאָרמיזם:

„די אַנדערע בייַנק וועלן זיך אויך מיט דעמזעלביקן וועג —
האָט געשריבן דער דייטשישער זשורנאַל „באַנק" מכוח דעם,
וואָס די „דיסקאָנטאָ-געזעלשאַפט" האָט געהויבן איר קאַפּיטאַל ביז
300 מיליאָן — און פון די דרייהונדערט מאַן, וועלכע רעגירן איצט
עקאָנאָמיש איבער דייטשלאַנד, וועט מיט דער צייט פאַרבלייבן
25, 50 אָדער נאָך ווייניקער. מ'איז ניטאָ וואָס צו האָפן, אַז די
נייסטע קאָנצענטרירונג-באַוועגונג וועט זיך באַגרענעצן בלויז
מיטן באַנק-פאַך. די אײַנגע פאַרבינדונגען צווישן איינצלנע בײַנק
פירן נאַטירלעך אויך צו דער דערנענטערונג צווישן די אינדוסטרי-
ער-סינדיקאַטן, וועלכע ווערן געשטיצט דורך די דאָזיקע בײַנק...
מיר וועלן זיך אויפכאַפּן אין אַ שיינעם פרימאָרגן, און פאַר אונ-

זייערע פּאַרו-אונטערטע אויגן וועלן זיך געפינען רק מרוכטן או
ביר וועלן זיין געצוואונגען צו כאַבייטן די פּריוואַטע מאָנאָפּאָלן
מיט מלוכה-מאָנאָפּאָלן. און פּונדעסטוועגן קאָנען מיר בעצם אין
קיין זאַך זיך ניט באַקלאָגן, אויב ניט רעכענען דאָס, וואָס מיר
האָבן ניט געשטעלט קיין שום צאַמען פאַרן אנטוויקלונג-גאַנג,
וועלכער איז צוואַס פאַרגיכערט געוואָרן דורך דער אַקציע“ 27).

דאָס איז אַ מוסטער פון דער אומבאַהאָלפנקייט אין וואָסע-
רע ס׳געפינט זיך די בורזשואזע פּובליציסטיק, פון וועלכער די
בורזשואַזע וויסנשאַפט שיידט זיך אונטער נאָר מיט אַ קלענערער
אויפריכטיקייט און ניט דער שטרעבונג צו פאַרשמירן דעם עצם
ענין, צו פאַרדעקן מיט די ביימער דעם וואַלד. איז עס דען ניט
קיין אומבאַהאָלפנקייט, ווען „מע הערט בשתומם פון די רעזולטאַ-
טן פון דער קאָנצענטרירונג“, ווען, מע מאַכט אַ „פאַרוואָרף דער
רעגירונג פון קאַפּיטאַליסטישן דייטשלאַנד אָדער דער קאַפּיטאַליס-
טישער „געזעלשאַפט“ („מיר“), ווען מע האָט מורא, אַז דאָס איינ-
פירן אַקציעס וועט „פאַרגיכערן“ די קאָנצענטרירונג, ווי איין דייט-
שישער „קאַרטעלן“-ספּעציאַליסט, טשירשקי, האָט מורא פאַר די
אַמעריקאַנער טרעסטן און „האַלט מער“ פון די דייטשישע קאַר-
טעלן, ווייל זיי זיינען, כלומרשט, מסוגל, „ניט אַזוי געוואַלטיק צו
פאַרגיכערן דעם טעכנישן פּראָגרעס, ווי די טרעסטן“?

נאָר פאַקטן בלייבן פאַקטן. אין דייטשלאַנד איז ניטאָ קיין
טרעסטן, ס׳זיינען פאַראַן בלויז קאַרטעלן, נאָר מיט דייטשלאַנד
פאַרוואַלטן בסך הכל 300 אדירים, און זייער צאָל ווערט אַלץ
קלענער. די בענק אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער בא אַלע
מינים פון באַנק-געזעצגעבעריי, פאַרשטאַרקן און פאַרגיכערן על
כל פנים דעם פּראָצעס פון דער קאַפּיטאַל-קאָנצענטרירונג און פון
דער מאָנאָפּאָלן-אויסבילדונג.

„די בענק שאַפן אין אַ געזעלשאַפטלעכן מאַסשטאַב די פאָרם,
נאָר טאַקע בלויז די פאָרם, פון אַן אַלגעמיינער רעכענונגס-פירעריי
און פון אַן אַלגעמיינער פאַרטיילונג פון די פּראָדוקציאָן-מיטלען“

האָט מאַרקס געשריבן מיט פופציק יאָר צוריק אין „קאַפּיטאל“ (רוסישע איבערזעצונג ב. III, ט II ז. 144). די איבן געבראַכטע פאַקטן וועגן וואוקס פונם באַנק-קאַפּיטאַל, וועגן פאַרגרעסערונג פון דער צאָל קאָנטאָרן און אָפּטיילונגען פון די גרעסטע באַנק פון דער צאָל פון זייערע רעכענונגען און א. וו. ווייזן אונז אויף קאָנקרעט די „אַלגעמיינע רעכענונגס-פירעריי“ פון דעם גאַנצן קאַפּיטאַליסטן-קלאַס, און אפילו ניט נאָר פון קאַפּיטאַליסטן, ווייל די באַנק קלייבן אויף, הגם מער ניט ווי אויף א צייט, כלערליי געלט-הכנסות הן פון קליינע באַלעבאטימלאך, הן פון אָנגעשטעל-טע, הן פונם נישטיקן אויבערשטן שיכט ארבעטער. „די אלגע-מיינע פארטיילונג פון די פּראָדוקציאָן-מיטלען“ — אָט וואָס עס וואַקסט פון דער פאָרמעלער זייט ארויס פון די איצטיקע ביינק, וועלכע האָבן אין א צאָל פון דריי זעקס גרעסטע בינק אין פראנקרייך, פון זעקס — אכט אין דייטשלאַנד צעשאַפן איבער מיליאַרדן און מיליארדן. נאָר לויט דעם אינהאלט איז די דאָזיקע פאַרטיילונג פון די פּראָדוקציאָן-מיטלען כלל ניט קיין „אַלגעמיינע“, נאָר א פּריוואטע, דאָס הייסט אזא, וואָס ס'איז צו-געפּאַסט צו די אינטערעסן פון דעם גרויסן און ראשית כל פון דעם גרעסטן מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאל, וועלכער ארבעט אין אזעלכע באַדינגונגען, ווען דאס רוב באַפעלקערונג לעבט אין דחקות, ווען די אנטוויקלונג פון דער ערד ארבעט שטייט גע-וואלטיק אפּ פון דער אנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, און ווען „די שווערע אינדוסטריע“ נעמט מס פון אַלע איבעריקע אינ-דוסטריע-צווייגן.

אינם פּרט פון פאַרגעזעלשאַפטליכן זי קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפט הייבן אָן צו קאָנקורירן מיט די ביינק די שפּאָר-קאַסעס און די פּאָסט-אנשטאלטן, וואָס זיינען מער „דעצענטרא-ליזירט“, דאָס הייסט וואָס נעמען אריין אין זייער ווירקונגס-ספערע א גרעסערע צאָל געגנטן, א גרעסערע צאָל פּראווינציעלע ווינקלאך, גרעסערע קרייזן פון דער באַפעלקערונג. אט זיינען

פאקטן, וואס ס'האָט געזאמלט די אמעריקאנער קאָמיסיע בנוגע צו דער פראגע וועגן דער לפי ערכדיקער אנטוויקלונג פון ד' דעפּאָזיטן אין די ביינק און אין די שפּאָר-קאסעס [29].

דעפּאָזיטן (אין מיליארדן מארק).

| | איינגלאנד | | פראנקרייך | | דייטשלאנד | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | אין די ב. | אין די שפּ. ק. | אין די ב. | —שפּ. ק. | אין די ב. | אין קר. ג. | —שפּ. ק. |
| 1880 | 8,4 | 1,6 | 7 | 0,9 | 0,5 | 4,0 | 2.6 |
| 1886 | 12,4 | 2,0 | 1,5 | 2,1 | 1,1 | 0,4 | 4,5 |
| 1908 | 23,2 | 4,2 | 3,7 | 4,2 | 7,1 | 2,2 | 13,9 |

צאָלנדיק פאר דעפּאזיטן 4 און $4\frac{1}{2}$ % זיינען די שפּאָר-קאסעס געצוואונגען צו זוכן, „א הכנסהדיקן" פלאץ פאר זייערע קאפּיטאלן, ארייננצולאָזן זיך אין וועקסל, היפּאָטעק און אנדערע אָפּעראציעס. ס'ווערן אלץ מער אפּגעריבן די גרעניצן צווישן די ביינק און די שפּאָר-קאָסעס. די האַנדלס-קאמערן אין באַכום און אין ערפורט, למשל, פאָדערן, מע זאָל „פאַרווערן" די שפּאָר-קאַסעס צו פאַרנעמען זיך מיט „ריינע" באַנק-אָפּעראַציעס, ווי דיס-קאָנטירן וועקסלען, זיי פאָדערן, אַז מע זאָל באַגרעניצן די „באַנק" טעטיקייט פון די פּאסט-אַנשטאַלטן [30], די באַנק גדולים האָבן מורא, אַז די מלוכה-מאָנאָפּאָל זאָל זיך צו זיי ניט אונטערגנבענען פון א אומגעוואַרטעטער זייט. נאָר ס'פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע מורא גייט ניט ווייטער פון אַ קאָנקורענץ צווישן, אזוי צו זאָגן, צוויי טישפאַרוואַלטער אין איין קאַנצעלאַריע. איבער די מיליאַרד קאַפּיטאַלן פון די שפּאָר-קאַסעס האָבן דאָך, פון איין זייט, סוף כל סוף, צעשאַפן די זעלביקע באַנק-קאַפּיטאַל-מאַגנאַטן, אין די מלוכה-מאָנאָפּאָל אין אַ קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט איז, פון דער אַנדער זייט, מער ניט ווי אַ מיטל צו הויבן און פאַרפעסטיקן

די הכנסות פון דעם אָדער יענעם אינדוסטריע צווייג, פאַר יענע מיליאָנערן, וואָס זיינען קרוב צו באַנקראָט.

דער פאַקט, וואָס דאָס אָרט פונם אלטן קאַפּיטאַליזם מיט דער הערשאַפט פון פרייער קאָנקורענץ, פאַרנעמט דער נייער קאַפּיטאַליזם מיט דער הערשאַפט פון מאָנאָפּאָל דריקט זיך, אַגב אורחא, אויס אין דעם, וואָס עס פאלט דער באַטרעף פון דער בירזשע. „די בירזשע—שרייבט דער זשורנאַל „באַנק“— האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין דער נויטיקער פאַרמיטלער פון צירקו־לאַציע, וואָס זי איז געווען פריער, ווען די ביינק האָבן נאָך ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו פאַרטיילן צווישן זייערע קליענטן דעם גרעסטן טייל פון די פאָנד-ווערטן, וועלכע זיי לאָזן ארויס [31]).

„איטליכער באַנק איז א בירזשע“— אָט די מאָדערנע טענ-דענץ איז אַלץ מער קרוב לאמת, וואס גרעסער דער באַנק איז, וואס מער ס'פּראָגרעסירט די קאָנצענטרירונג אינם באַנק=געשעפט [32]).
„אויב פריער, אין די זיבעציקער יאָרן, האָט די בירזשע מיט אירע יוגנטליכע עקסצעסן (אַ „דעליקאַטע“ אָנצוהערעניש וועגן בירזשע-קראַך פון 1873-טן יאָר, וועגן די גרונדערישע סקאַנדאַלן א. א. וו.) אָנגעהויבן א אינדוסטריאַליזירונג=תקופה אין דייטש-לאַנד, קענען באַ היינטיקער צייט די ביינק און די אינדוסטריע „פאַרטיק ווערן מיט אייגענע כוחות“. די הערשאַפט פון אונזערע גרויסע ביינק איבער דער בירזשע איז ניט מער ווי אַן אויסדרוק פון דער פולשטענדיק אָרגאַניזירטער דייטשישער אינדוסטריעלער מלוכה. אויב ס'ווערט אויף אזא אופן פאַרשמעלערט דער ווירקונג געביט פון די אווטאָמאַטיש פונקציאָנירעדיקע עקאָנאָמישע געזעצן און ס'ווערט גרייליך פאַרברייטערט דער געביט פון באַוואוסטזי-ניקער רעגולירונג דורך די ביינק, איז אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם וואקסט גיגאַנטיש אויך די פאָלקס-ווירטשאַפטליכע פאַראַנטוואָרט=ליכקייט פון דער קליינער צאָל אָנפירענדיקע פאַראיינען“ — אזוי שרייבט דער דייטשישער פּראָפעסאָר שולצע-הייווערניץ, א פאַר-טיידיקער פונם דייטשישן אימפּעריאַליזם, און אווטאָריטעט פאַר די

אימפעריאַליסטן פון אַלע לענדער, וועלכער שטרעבט צו פאַרדעקן „אַ קליינינקייט", נעמליך דעם, וואָס אָט די דאָזיקע „באַוואוסטזיניקע רעגולירונג" דורך די בייזן באַשטייט אין דעם, וואָס זי הייפעלע „פולשטענדיק אָרגאַניזירטע" מאָנאָפּאָליסטן באַרויבט דעם עולם. די אויפגאַבע פון דעם בורזשואַזן פּראָפעסאָר באַשטייט ניט אין דעם, אַז ער זאָל אויפדעקן די גאַנצע מעכאַניק, ניט אין דעם, אַז ער זאָל אַנטפּלעקן אַלע שווינדלערייען פון די באַנק-מאָנאָפּאָליסטן, נאָר אין דעם, אַז ער זאָל דאָס אַלץ פאַרדעקן.

אזוי טוט אויך ריסער, אַ נאָך מער אווטאָריטעטער עקאָנאָמיסט און אַ באַנק-„טוער". ער דרייט זיך אויך ארויס מיט פוסטע פראַזן פון אַזעלכע פאַקטן, וועלכע ס'איז אוממעגליך אָפּצולייקענען: „די בירזשע פאַרלירט אַלץ מער די אומבאַדינגט נויטיקע פאַר דער גאַנצער ווירטשאַפט און פאַר דער צירקולאַציע פון ווערט-פּאַפּירן אייגנשאַפט צו זיין ניט נאָר דער פּינקטליכסטער אויסמעסטונג-אינסטרומענט, נאָר אויך כמעט אַן אַווטאָמאַטיש ווירקנדיקער רעגולאַטאָר פון די עקאָנאָמישע באַוועגונגען, וועלכע קומען זיך אין איר צונויף" 33).

מיט אַנדערע ווערטער: דער אַלטער קאַפּיטאַליזם פון פרייער קאָנקורענץ, מיט דער בירזשע, ווי אַן אומבאַדינגט נויטיקן פאַר אים רעגולאַטאָר לעבט אָפּ. אויף זיין אָרט איז געקומען דער נייער קאַפּיטאַליזם, וועלכער פאַרמאָגט אין זיך שטריכן פון עפּעס איבערגייענגליכעס, פון עפּעס אַ צונויפמישונג פון פרייער קאָנקורענץ מיט מאָנאָפּאָל. ס'שווימט נאַטירליך אַרויס די פראַגע, אין וואָס „גייט איבער" דער דאָזיקער נייסטער קאַפּיטאַליזם, נאָר די בורזשואַזע געלערנטע האָבן מורא צו שטעלן די דאָזיקע פראַגע.

„מיט דרייסיג יאָר צוריק האָבן די פריי קאָנקורירנדיקע אונטערנעמער אויסגעפירט $9/_{10}$ פון יענער עקאָנאָמישער אַרבעט, וועלכע געהערט ניט צום געביט פון פיזישער אַרבעט „פון די אַרבעטער". בײַ היינטיקער צייט פירן אויס די באַאַמטע $9/_{10}$

פון דער דאָזיקער עקאָנאָמישער גייסטיקער אַרבעט, דער באַנק־פאַך שטייט בראש פון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג" [34]). אט אזא מין אנערקענונג מצד שולצע-הצווערניצן שמויסט זיך נאָך אמאָל און נאָך אַ מאָל אן אויף דער פראַגע, אין וואָס גייט איבער דער נייסטער קאַפּיטאַליזם — דער קאַפּיטאַליזם אין זיין אימפּעריאַליסטישער שטופע.

צווישן דער קליינער צאָל ביינק, וועלכע פאַרבלייבן מחמת דעם קאָנצענטרירונג־פּראָצעס בראש פון דער גאַנצער קאַפּיטאַליסטישער ווירטשאַפט, מערקט זיך נאַטירליך אלץ מער און מער אַלץ שטאַרקער די שטרעבונג צו אַ מאָנאָפּאָליסטישן אויסגלייך, צו אַ טרעסט פון די ביינק. אין אמעריקע הערשן איבער אַ קאַפּיטאַל פון 11 מיליאַרד מאַרק ניט נײַן, נאָר צוויי גרעסטע ביינק פון די מיליאַרדערן ראָקפעלער און מאָרגאַן. דאָס, וואָס די „דיסקאָנט־געזעלשאַפט", ווי מיר האָבן אויבן אָנגעמערקט, האָט איינגעשלונגען דעם „שאַפהויזענער פאַראייניקטן באַנק", האָט אַרויסגערופן מצד דער „פראַנקפורטער צייטונג", דער צייטונג פון די בירזשע־אינטערעסן אזא אפשאַצונג:

„צוגלייך מיט דעם, וואָס ס'וואַקסט די קאָנצענטרירונג פון די ביינק, ווערט שמעלער יענער קרייז פון אַנשטאַלטן, צו וועלכע מע קען זיך בכלל ווענדן נאָך קרעדיט, און מחמת דעם ווערט גרעסער די אָפּהענגיקייט פון דער גרויס־אינדוסטריע פון אַ קליינער צאָל באַנק־גרופּעס. בא דעם פעסטן צוזאַמענבונד צווישן דער אינדוסטריע און דער פינאַנציסטן-וועלט, ווערט געאיינגט די פרייהייט פון באַוועגונג פאַר די אינדוסטריע-געזעלשאַפטן, וועלכע נויטיקן זיך אינם קאַפּיטאַל פון די ביינק. דעריבער קוקט די גרויס-אינדוסטריע מיט געמישטע געפילן אויף די אַלץ שטאַרקער ווערנדיקע טרעסטירונג (פאַראייניקונג אָדער פאַרוואַנדלונג אין טרעסטן) פון די ביינק; און ס'איז שוין טאַקע ניט איינמאָל אויסגעקומען צו באַמערקן שפּראָצונגען פון געוויסע אָפּ-

מאַכן צווישן איינצלנע קאָנצערנעס פון גרויסע ביינק, אָפּמאַכן, וועלכע פירן צו דער באַגרעניצונג פון קאָנקורענץ" [35].

ווייטער און ווידער אַ מאָל איז דאָס לעצטע וואָרט אין דער אַנטוויקלונג פון דעם באַנק-געשעפט — די מאָנאָפּאָל.

וואָס ס'איז נוגע צום איינגן צוזאַמענבונד צווישן די ביינק און דער אינדוסטריע, טרעט טאַקע אין אָט דעם געביט באַשיימפּערליכער ווי אומעטום אַרויס די נייע ראָלע פון די ביינק. אויב דער באַנק דיסקאָנטירט די וועקסלען פון דעם געגעבענעם אונטערנעמער, עפנט אים אויף אַ קוראַנט חשבון און א. וו., פאַרקלענערן די דאָזיקע אָפּעראַציעס, באַזונדער גענומען, אויף קיין האָר נים די זעלבסטשטענדיקייט פון דעם דאָזיקן אונטערנעמער, און דער באַנק טרעט נים אָפּ פון זיין באַשיידענער ראָלע פון א פאַרמיטלער. גאָר אויב די דאָזיקע אָפּעראַציעס קומען פאָר אָפטער און ווערן פעסטער, אויב דער באַנק „זאַמלט" אין זיינע הענט זוימגעהייער גרויסע קאַפּיטאַלן, אויב די פירונג פון קוראַנט-חשבונות פון דער געגעבענער אונטערנעמונג גיט דעם באַנק די מעגליכקייט — און אזוי איז עס טאַקע — אַלץ אויספירליכער און פולער צו דערגיין די עקאָנאָמישע לאַגע פון זיין קליענט, איז שוין פון דעם דער פועל-יוצא דאָס, וואָס דער אינדוסטריע-קאַפּיטאַליסט ווערט אַלץ מער אָפּהייגניק פונם באַנק.

צוזאַמען מיט דעם אַנטוויקלט זיך די, אַזוי צו זאָגן, פּערזענליכע אוניאָן צווישן די ביינק מיט די גרעסטע אונטערנעמונגען פון אינדוסטריע און האַנדל, די צוזאַמענגיסונג פון די מיט יענע דורכן איינקויפן די אַקציעס, דורך דעם, וואָס די באַנק-דירעקטאָרן טרעטן אַריין ווי מיטגלידער פון די אויפזיכטס-ראַטן (אָדער פון די פאַרוואַלטונגען) פון די האַנדלס-אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען און פאַרקערט. דער דייטשישער עקאָנאָמיסט איידעלס האָט צונויפגעקליבן די אויספירליכסטע מאַטעריאַלן וועגן אָט דעם מין קאָנצענטרירונג פון קאַפּיטאַלן און אונטערנעמונגען. די זעקס גרעסטע בערלינער ביינק זיינען דורך זייערע דירעקטאָרן פאָרגע-

שטעלט געווען אין 344 אינדוסטריע-געזעלשאַפטן און דורך די מיטגלידער פון זייערע פאַרוואַלטונגען נאָך אין 407, סך הכל אין 751 געזעלשאַפטן. אין 289 געזעלשאַפטן האָבן זיי געהאַט אָדער צו צוויי מיטגלידער פון די אויפזיכטס-ראַטן, אדער געהאַט זייערע פאָרזיצער אין די דאָזיקע ראַטן. צווישן די דאָזיקע האַנדלס-אינדוסטריע געזעלשאַפטן געפינען מיר פאַרשיידנאַרטיקסטע אינדוסטריע-צווייגן: אי אַסעקוראַנץ-געשעפט, אי קומוניקאַציאָן-מיטלען, צי רעסטאָראַנען, אי טעאַטערס, אי קונסט-אינדוסטריע און א. וו. פון איין זייט, האָט זיך אין די אויפזיכטס-ראַטן פון די דאָזיקע זעקס ביינק געפונען (אין 1910-טן יאָר) 51 גרויס אינדוסטריער, בתוכם דער דירעקטאָר פון דער פירמע ק״וּפּ, פון דער גיגאַנטישער דאַמפשיף-געזעלשאַפט (Hamburg-Amerika) „*Hapad*“ און א. וו. איטליכער פון די זעקס ביינק האָט אין משך פון 1895-טן יאָר ביז 1910-יאָר זיך באַטייליקט אינם ארויסלאָזן אַקציעס און אָבליגאַציעס פאַר פיל הונדערטער אינדוסטריע-געזעלשאַפטן, נעמליך פון 281 ביז 419 [36]).

„צו די פערזענליכע „אוניאָן“ צווישן די ביינק מיט דער אינדוסטריע ווערט צוגעגעבן די פערזענליכע אוניאָן פון ביידע געזעלשאַפטן מיט דער רעגירונג. „די שטעלעס פון מיטגלידער אין די אויפזיכטס-ראַטן,— שרייבט איידעלס—ווערן פרייוויליק אָפּ-געגעבן מענטשן מיט הויכע נעמען, און אויך געוועזענע מלוכה-באַאַמטע, וועלכע קענען אַ סך פארגרינגערן (!!) די באַציהונגען מיט דער מאַכט“... אין אויפזיכטס-ראַט פון אַ גרויסן באַנק געפינען מיר געוויינטליך אַ מיטגליד פון פאַרלעמענט אָדער אַ מיטגליד פון בערלינער שטאָט-דומע“.

הייסט עס, אז די אויסאַרבעטונג אדער די פאַנאַנדער-אַר-בעטונג פון די, אזוי צו זאָגן, גרויסע קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן גייט מיטן גאַנצן אימפעט דורך אלע „נאַטירליכע“ און „איבערנאַ-טירליכע“ וועגן. ס׳בילדעט זיך סיסטעמאַטיש אויס אַ געוויסע אַר-

בעטס-צוטיילונג צווישן עטליכע הונדערט פינאַנץ-קיניגן פון דער מאָדערנער קאַפּיטאַליסטישער געזעלשאַפט.

„האַנט באַ האַנט מיט דעם וואָס ס'ווערט פאַרברייטערט דער טעטיקייטס-געביט פון איינצלנע גרויס-אינדוסטריער (די אריינטרעטונג אין די פּאַרוואַלטונגען פון די ביינק וכדומה) און מיט דעם, וואָס אין רשות פון די פּראָווינציעלע באַנק-דירעקטאָרן ווערט אויטשליסליך איבערגעגעבן איין באַשטימטער אינדוסטריע-קרייז, וואַקסט אויך די ספּעציאַליזירונג צווישן די אנפירער פון די גרויסע ביינק, אַזאַ ספּעציאַליזירונג קאָן געמאָלט זיין נאָר באַ א געוואַלטיקער גרויס פון דער גאַנצער באַנק-אונטערנעמונג בכלל און פון זיינע פאַרבינדונגען מיט דער אינדוסטריע בפרט. די דאָזיקע אַרבעטס-צוטיילונג גייט אין צוויי ריכטונגען: פון איין זייט, ווערן די באַציהונגען מיט דער אינדוסטריע אינגאַנצן איבערגעגעבן איינעם פון די דירעקטאָרן, ווי זיינע אַ ספּעציעלע באַשעפטיקונג; פון דער אנדער זייט, נעמט אויף זיך יעדער דירעקטאָר די אויפזיכט איבער איינצלנע אונטערנעמונגען אדער איבער גרופּעס אונטערנעמונגען, וועלכע שטייען נאָהענט איינע צו דער צווייטער לויט דער פּראָפעסיע אָדער לויט די אינטערעסן" (דער קאַפּיטאַליזם איז שוין דערוואַקסן ביז אַן אָרגאַניזירטער השגחה איבער איינצלנע אונטערנעמונגען)... „איינעמס ספּעציאַליטעט איז די דייטשישע אינדוסטריע, א מאָל אפילו בלויז די מערב-דייטשישע" (מערב-דייטשלאַנד — איז דער זאממערסטן אינדוסטריעלער טייל פון דייטשלאַנד), דעם צווייטנס — די פּאָרהעלטענישן צו די מלוכות און צו דער אויסלענדישער אינדוסטריע, ידיעות וועגן דער פּערזענליכקייט פון די אינדוסטריער און א. וו., בירזשע געשעפטן און א. וו. הוץ דעם, באַקומט אָפט יעדער דירעקטאָר אין זיין רשות א באזונדער געגנט אדער א באזונדערן אינדוסטריע-צווייג: איינער ארבעט דער עיקר אין די אויפזיכטס-ראטן פון די עלעקטריע-געזעלשאַפטן, דער צווייטער — אין די כעמישע פאַבריקן, ביר-ברויערייען אדער צוקער-פאַבריקן, דער דריטער

אין אַ קליינער צאָל איזאָל׳רטע אונטערנעמונגען און צוזאַמען מיט דעם אינם אויפזיכטס־ראַט פון די אסעקוראַנץ־געזעלשאַפטן... מיט איין וואָרט, ס׳איז אָן אַ שום ספק, אז אין די גרויסע ביינק ביל־דעט זיך אויס אלץ אַ גרעסערע ארבעטס־צעטיילונג צווישן די אָנפירער, וואָס מער סע וואַקסט דער מאַסשטאַב און די פאַרשיידנ־אַרטיקייט פון זייערע אָפּעראַציעס; און דאָס ווערט געטאָן מיט דעם צוועק (און צוליב דעם רעזולטאט) כדי אויפצוהויבן זיי, אזוי צו זאָגן, העכער פון די באַנק געשעפטן, צו מאַכן זיי פאר מער פייהיק צו באהאנדלען, בעסער צו פאַנאנדערקלייבן זיך אין די אַלגעמיינע פראַגן פון אינדוסטריע און אין ספּעציעלע פראַגן פון איינצלנע אינדוסטריע־צווייגן, צוגרייטן זיי צו אַ טעטיקייט אינם געביט פון דער אינדוסטריעלער ווירקונגס־ספערע פונם באַנק. צו דעם דאָזיקער סיסטעם פון די ביינק ווערט נאָך צוגעגעבן דאָס וואָס מע שטרעבט אויסצוקלייבן אין די אויפזיכטס־ראַטן מענטשן, וואָס זיינען גוט באַקאַנט מיט דער אינדוסטריע, אונטערנעמער, געוועזענע באאמטע, בפרט אזעלכע, וואָס האָבן געדינט אין דעם אייזנבאַן „בערג־פאך״ און א. וו.״ [37]).

אויך אינם פראנצויזישן באנק־געשעפט געפינען מיר איינ־ריכטונגען פון דעמזעלביקן מין, נאָר עטוואָס אין אַן אַנדער פאָרם. איינער, למשל, פון די דריי גרעסטע פראַנצויזישע ביינק, „דער ליאנער קרעדיט״ האָט אָרגאַניזירט בא זיך אַ באזונדערע „אָפּטיי־לונג צום זאמלען פינאנציעלע ידיעות״ („Service des études financiérs״) אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג ארבעטן שטענדיק העכער פופציג מאן אינזשענערן, סטאַטיסטיקער, עקאָנאָמיסטן, יוריסטן און א. וו. זי קאָסט אָפּ פון 6 ביז 7 הונדערט טויזנט מארק א יאָר. פון איר זייט ווערט זי ווידער איינגעטיילט אין 8 אָפּטיילונגען: איינע זאַמלט דעציפֿל ידיעות וועגן אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, די צווייטע שטודירט די אלגעמיינע סטאַטיסטיק, די דריטע — די אייזנבאַן און די דאמפשיף־געזעלשאפטן, די פערטע — די פאָנדן, די פינפטע — די פינאנץ־באריכטן און א. וו. [38]).

עס באַקומט זיך, פון איין זייט, אלץ אַ גרעסערע צוזאמענ-גיסונג, אָדער, ווי ס'האָט זיך גאנץ געלונגען אויסגעדריקט נ. א. בוכארין, א צוזאמענוואקסונג פונם באנק-קאפיטאל מיט דעם אינדוסטריע-קאפיטאַל, און, פון דער אנדער זייט, באמערקן מיר, אַז די ביינק פארוואַנדלען זיך אין אנשטאלטן, וועלכע טראָגן א באמת „אוניווערסאלן כאראקטער" מיר האלטן פאר נויטיק צו ברענגען וועגן דער דאָזיקער פראגע בוכשטעבליך די אויסדריקן פון איידעלסן, פון א שרייבער, וואָס האָט בעסער פאר אלעמען שטודירט דעם ענין: „ווי א רעזולטאט פונם באטראכטן די אינ-דוסטריע-פאַרבינדונגען אינאיינעם גענומען, באקומען מיר דעם אוניווערסאלן כאראקטער פון די פינאנץ-אינסטיטוטן. וועלכע ארבעטן פאר דער אינדוסטריע. להיפוך צו די איבעריקע פאָרמען פון די ביינק, להיפוך צו די פאָדערונגען, וועלכע ווערן אָפט ארויסגעשטעלט אין דער ליטעראטור, אז די ביינק דארפן זיך ספעציאַליזירן אין אַ באשטימטן געשעפטס-געביט אדער אינדוסטריע-צווייג, כדי ניט צו פארלירן דעם באָדן אונטער די פיס,—שטרעבן די גרויסע ביינק צו מאכן ווי ווייט מעגליך פאר-שיידנארטיקער לויטן ארט און לויט דעם מין פון פראָדוקציע זייערע פארבינדונגען מיט די אינדוסטריע אונטערנעמונגען, שטרעבן צו באזייטיקן יענע אומגלייכקייט אין דער פארטיילונג פונם קאפיטאל צווישן איינצלנע געגנטן אדער אינדוסטריע-צווייגן, אומגלייכקייטן, וועלכע דערקלערן זיך פון דער געשיכטע פון איינצלנע אונטערנעמונגען". איין טענדענץ באשטייט אין דערינען, אַז די פארבינדונג מיט דער אינדוסטריע זאל ווערן אן אלגע-מיינע דערשיינונג; די צווייטע אין דעם—אז די דאזיקע פארבינ-דונג זאל ווערן פעסט און אינטענסיוו; די ביידע טענדענצן זיינען אין די זעקס גרויסע ביינק פארווירקליכט ניט פולשטענדיק, אבער אין א באטרעפליכן מאסשטאב און אין א גלייכער מאָס".

די האנדלס-אינדוסטריעלע קרייזן באקלאגן זיך אפט אויפן „טעראָריזם" פון די ביינק. און דאס איז גאָר קיין וואונדער ניט

אין דער צייט, ווען די גרויסע ביינק „קאָמאַנדעווען" אזוי, ווי ס'באווייזט אט דער דאָזיקער ביישפיל: דעם 19-טן נאיאבר 1901 האָט זיך איינער פון די אזוי גערופענע בערלינער „ד" ביינק (די נעמען פון די פיר גרעסטע ביינק הויבן זיך אן מיט א „ד") געווענדעט צו דער פאַרוואַלטונג פון דעם צפון-מערב-מיטל-דייטשישן צעמענט-סינדיקאַט מיט אזא בריוו: „פון דער מעלדונג, וואס איר האָט פאַרעפנטליכט דעם 18-טן פון דעם חודש אין דער און דער צייטונג, איז ניכר, אז מיר מוזן נעמען אין באַטראַכט די מעגליכקייט, אז אויף דער אַלגעמיינער פארזאמלונג פון אייער סינדיקאַט, וואס דארף פאָרקומען דעם 30-טן, וועלן אָנגענומען ווערן באַשלוסן, וואס קענען גורם זיין אין אייער אונטערנעמונג אזעלכע ענדערונגען, מיט וועלכע מיר קענען ניט מסכים זיין. דעריבער זיינען מיר, צו אונזער טיפסטן באַדויערן, געצוואונגען אויפצוהערן צו געבן אייך דעם קרעדיט, וועלכן איר האָט געהאַט... נאָר אויב אויף דער דאָזיקער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג וועלן ניט אָנגענומען ווערן אזעלכע באשלוסן, מיט וועלכע מיר קענען ניט מסכים זיין, און אויב אונז וועלן אין דעם פרט געגעבן ווערן געהעריקע גאַראַנטיעס אויף ווייטער, זיינען מיר גרייט אריינצוטרעטן אין אונטערהאנדלונגען וועגן עפענען אייך אַ נייעם קרעדיט [39]).

דאָס זיינען, בעצם, די זעלביקע טענות פון דעם קליין קאפיטאל אויף דעם דרוק פון דעם גרויס קאפיטאל, נאר אין ראַנג פון „קליין קאפיטאל" איז דא אריינגעפאַלן אַ גאַנצער סינדיקאט! דער אלטער קאַמף צווישן דעם קליין און גרויס קאפיטאל ווערט באַנייט אויף אַ נייער, אומגעהייער העכערער אנטוויקלונגס-שטופע. כ'פאַרשטייט זיך, אז די מיליאַרדן-אונטערנעמונגען פון די גרויסע ביינק קענען אויך דעם טעכנישן פראָגרעס שטויסן פאָראויס מיט מיטלען, וועלכע קאָנען בשום אופן ניט פארגלייכט ווערן מיט די פריערדיקע. די ביינק ארדענען, למשל, איין ספעציעלע געזעלשאַפטן פאַר טעכנישע אויספארשונגען, און די רעזולטאטן פון די דאָזיקע אויספאָרשונגען נוצן, פארשטייט זיך, אויס

בלויז די „פריוואטליכע" אינדוסטריע-אונטערנעמונגען. אחוץ גע-הערן „די געזעלשאַפט צו שטודירן די פראגע וועגן עלעקטרישע אייזנבאַנען", „די צענטראל ביורא פאר ווירטשאפטליך-טעכנישע פאָרשונגען" און א. וו.

די אָנפירער גופא פון די גרויסע בייַנק קענען ניט ניט איינזעהן, אז ס'בילדן זיך אויס עפעס נייע באַדינגונגען פון פאָלקסווירטשאפט, זיי זיינען אָבער אומבאַהאָלפן בנוגע צו זיי.

ווער ס'האָט זיך פאר די לעצטע יאָרן צוגעקוקט,— שרייבט איידעלס,— צו דעם, ווי סע בייַטן זיך די פערזאָנען אויף די שטעלעס פון דירעקטאָרן און פון מיטגלידער אין די אויפזיכטס-ראַטן פון די גרויסע בייַנק, יענער האט ניט געקאָנט ניט באַמערקן, ווי די מאַכט גייט איבער בהדרגה אין די הענט פון פערזאָנען, וועלכע האלטן פאר א נויטיקע און אלץ מער דרינגעדיקע אויפ-גאַבע פון די גרויסע בייַנק אקטיוו זיך אריינמישן אין די אלגעמייַנע אַנטוויקלונג פון דער אינדוסטריע, און צוליב דעם אנטוויקלט זיך צווישן די דאָזיקע פערזאָנען און די אלטע דירעקטאָרן אַ חילוקי-דעות אויפן געשעפטס-באָדן, און אָפט אויך אויפן פערזענליכן באָדן. דאָ האנדלט זיך, אייגנטליך וועגן דעם, צי לייַדן ניט די בייַנק, ווי קרעדיט-אַנשטאלטן, פון דעם, וואס די בייַנק מישן זיך אריין אין אינ-דוסטריע-פראצעס פון דער פראָדוקציע, צי ברייַנגט מען ניט פאַר א קרבן די סאָלידע פרינציפן און דעם זיכערן ריווח צוליב אזא טעטיקייט, וועלכע האָט קיין שום שייכות ניט צו פאַרמיטלערייַ אין ענין פון קרעדיט-שאפונג און וועלכע ציהט אריין דעם באַנק אין אזא געביט, וואו ער איז נאך מער ווי פריער אונטערגע-וואָרפן אונטער דער הערשאפט פון דער אינדוסטריעלער קאָניונק-טור. אזוי טענהן א סך פון די אלטע בייַנק אָנפירער, אין דאָס רוב יונגע האלטן די אקטיווע אריינמישונג אין די פראגן פון אינדוסטריע פאר פונקט אזא נויטיקייט, ווי יענע, וועלכע האָט ארויסגערופן צום לעבן צוזאמען מיט דער איצטיקער גרויס אינ-

דוסטריע אויך די גרויסע ביינק און די נייסטע אינדוסטריעלע באַנק-אונטערנעמונג. אין איין זאך נאר גייען זיך צונויף ביידע צדדים, אז פאַר דער נייער סטטיקייט פון די גרויסע ביינק זיינען ניט פאַראן ניט קיין פעסטע פרינציפן, ניט קיין קאָנקרעטער צוועק" [40]).

דער אלטער קאַפּיטאַליזם האָט אָפּגעלעבט, דער נייַער איז אַן איבערגאַנג צו עפּעס. ס'איז, פאַרשטייט זיך, ניטא וואָס צו האָפן, אז ס'וועט זיך איינגעבן אויסצוגעפינען „פעסטע פרינציפן און אַ קאָנקרעטן צוועק" צו „מאַכן אַ פשרה" צווישן דער מאָנאָ-פּאָל מיט דער פרייער קאָנקורענץ. דאָס, וואָס מיר הערן מצד די פראַקטיקער קלינגט כלל ניט אזוי, ווי די לויב-לידער לכבוד די שיינקייטן פון דעם „אָרגאַניזירטן" קאַפּיטאַליזם, וועלכע עס זינגען זיינע אפּאָלאָגעטן, ווי שולצע-העווערניץ, ליפמאַן וכדומה „טעאָרעטיקער":

אויף דער וויכטיקער פראַגע, אין וועלכער צייט האָט זיך סאקע לגמרי איינגעשטעלט „די נייע סטטיקייט" פון די גרויסע ביינק, געפינען מיר אַ גאַנץ גענויע תשובה בא איידעלסן:

„די פאַרבינדונגען צווישן די אינדוסטריע-אונטערנעמונגען, מיט זייער נייעם אינהאַלט, נייע פאָרמען, נייע אָרגאַנען, נעמליך מיט די גרויסע ביינק, וועלכע זיינען איינצייטיק אָרגאַניזירט סיי צענטראַליסטיש סיי דעצענטראַליסטיש, האָבן זיך אויסגעבילדעט מסתמא ניט פריער פאר די 1890-גער יאָרן; אין אַ געוויסן זין קען מען אפילו דוחה זיין דעם אָנהויב—פּונקט ביזן 1897-טן יאָר מיט זיינע גרויסע „צוזאַמענגיסונגען" פון אונטערנעמונגען, וועלכע פירן צוערשט אַריין אַ נייע פאָרם פון צענטראַליזירטער אָרגאַני-זאַציע צוליב די צוועקן פון דער אינדוסטריע-פּאָליטיק פון די ביינק. דער דאָזיקער אָנהויב-פּונקט קען, אפשר, אָפּגערוקט ווערן נאָך ווייטער, ווייל נאָר דער קריזיס פון 1900-טן יאָר האָט גיגאַנ-טיש פאַרגיכערט דעם קאָנצענטרירונג פּראָצעס סיי אין דער אינ-דוסטריע סיי אינם באַנק-געשעפט. האָט פאַרפעסטיקט דעם דאָזיקן

פּראָצעס, האָט צום ערשטן מאָל פאַרוואַנדלט די מגע ומשא מיט דער אינדוסטריע אין אַן אמתע מאָנאָפּאָל פון די גרויסע ביינק. האָט אַ סך איינגער און אינטענסיווער געמאַכט די דאָזיקע מגע ומשא" [41].

בכן, דער צוואַנציגסטער יאָרהונדערט, דאָס איז דער ווענדונג-פּונקט פונם אלטן צום נייעם קאַפּיטאַליזם, פון דער הער-שאַפט פונם קאַפּיטאַל בכלל צו דער הערשאַפט פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל.

## 3. דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל און די פינאַנץ-אָליגאַרכיע.

אַן אלץ וואַקסנדיקער טייל פונם אינדוסטריעלן קאַפּיטאַל,— שרייבט הילפערדינג,—געהערט ניט צו יענע אינדוסטריער, וועלכע ווענדן אים אָן. זיי באַקומען אין זייער רשות דעם קאַפּיטאַל נאָר דורך דער פאַרמיטלונג פונם באַנק, וועלכער איז בנוגע צו זיי דער אייגנטימער פון דעם דאָזיקן קאַפּיטאַל. פון דער אַנדער זייט קומט אויך דעם באַנק אויס צו באַפעסטיקן אין דער אינדוסטריע אַלץ אַ גרעסערן טייל פון זיינע קאַפּיטאַלן. אַדאַנק דעם ווערט ער אַלץ אין אַ גרעסערער מאָס אַן אינדוסטריע-קאַפּיטאַליסט. אַזאַ מין באַנק-קאַפּיטאַל — אַ קאַפּיטאַל, הייסט עס, אין אַ געלט-פאָרם — וועלכער ווערט אויף אַזאַ אופן אין דער ווירקליכקייט פאַרוואַנדלט אין אינדוסטריע קאַפּיטאַל, רוף איך אָן פינאַנץ-קאַפּיטאַל. „דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל איז אַ קאַפּיטאַל, וואָס געפינט זיך אין רשות פון די ביינק און ווערט אָנגעווענדט דורך די אינדוסטריער" [42].

די דאָזיקע דעפינירונג איז אויף אַזוי פיל ניט קיין פולע, אויף וויפל ס'איז אין איר ניט פאַראַן קיין אָנווייזונג אויף איינעם פון די וויכטיקסטע מאָמענטן, געמליך, אויף דעם וואוקס פון קאָנ-

צענטרירונג פון דער פראָדוקציע און פונם קאַפּיטאַל אין אַזאַ שטאַרקער מאָס, אַז די קאָנצענטרירונג פירט און האָט געבראַכט צו מאָנאָפּאָל. נאָר אין גאַנצן הילפערדינגס בוך בכלל, און בפרט אין די צוויי קאַפּיטלען, וועלכע גייען פאַר דעם קאַפּיטל, פון וואַנען ס'איז גענומען די דאָזיקע דעפיניציע, ווערט אונטערגעשטריכן די ראָלע פון די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן.

די קאָנצענטרירונג פון דער פראָדוקציע; די מאָנאָפּאָלן, וואָס וואַקסן פון איר אויס; די צונויפגיסונג אָדער צוזאַמענוואַקסונג פון די בּאַנק מיט דער אינדוסטריע — דאָס איז די געשיכטע פון דער אויפקומונג פונם פינאַנץ קאַפּיטאַל און דאָס איז דער אינהאַלט פון דעם דאָזיקן באַגריף.

מיר דאַרפן איצט איבערגיין צו באַשרייבן, ווי אַזוי „דאָס באַלעבאָטעווען" פון די קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן ווערט אומפאַרמיידליך, אין דער אַלגעמיינער סביבה פון סחורות־פּראָדוקציע און פון פּריוואַט אייגנטום, פאַרוואַנדלט אין אַ הערשאַפט פון דער פינאַנץ-אָליגאַרכיע. מיר דאַרפן באַמערקן, אַז די פאָרשטייער פון דער בורזשואַזער דייטשישער — און ניט נאָר פון דער דייטשישער — וויסנשאַפט, ווי ריסער, שולצע-העוורניץ, ליפמאַן און אַנד. זיינען אַפּאָלאָגעטן פונם אימפּעריאַליזם און פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, זיי דעקן ניט אויף, זיי פאַרשמירן נאָר און פּוצן צו די „מעכאַניק" פון דער אָליגאַרכיע אויסבילדונג. אירע מעטאָדן, די גרייס פון אירע הכנסות, סיי פון די „כשר'ע", סיי פון די „טריפ'ע", אירע פאַרבינדונגען מיט די פּאַרלאַמענטן וכדומה און אַ. וו. די „אומאָנגענעמע פראַגן" פּטרן זיי אָפּ מיט הויכע אומקלאָרע פראַזן, מיט דעם וואָס זיי אַפּעלירן צום „אחריות-געפיל" פון די באַנק-דירעקטאָרן, מיט דעם, וואָס זיי לויבן דעם „חוב-געפיל" פון די פּרייסישע באַאַמטע, מיט אַן ערנסטן באַטראַכטן אַלערליי קלייניקייטן פון די גאָר ניט ערנסטע געזעצפּראָיעקטן וועגן „אויפזיכט" רעגלאַמענטירונג, מיט סעאָרעטישע קינדער-שפּילן, ווי אַט די למשל,

„וויסנשאַפטליכע“ דעפיניציע, צו וועלכער ס'האָט זיך דערערדט דער פּראָפעסאָר ליפמאַן: „...דער האַנדל איז אַ אינדוסטריע-טעטיקייט, וואָס איז געווענדעט אויף זאַמלען גיטער, איינהיטן זיי, איבער-געבן זיי אין רשות“. [43]). קומט אויס, אַז דער האנדל האָט עקזיסטירט בא דעם פּארביישטיק מענטשן, וועלכער האָט ניט גע-וואוסט נאָך פון קיין איסטויש און וועט עקזיסטירן אויך אין דער סאָציאַליסטישער געזעלשאַפט!

נאָר די מוראַדיקע פאַקטן פון דער מוראדיקער הערשאַפט פון דער פינאַנץ-אָליגארכיע, ווארפן זיך אויף אַזויפיל אין די אויגן, אַז אין אַלע קאַפיטאַליסטישע לענדער, סיי אין אמעריקע, סיי אין פראַנקרייך און אין דייטשלאַנד, איז אויפגעקומען אַ ליטעראַטור, וואָס שטייט אויף אַ בורזשואַזן שטאַנדפּונקט און וואָס גיט לפי ערך אַ ריכטיק בילד און — אַ קליינבירגערליכע, פאַרשטייט זיך — קריטיק פון דער פינאַנץ-אָליגארכיע.

אויפן ערשטן אָרט דאַרף מען אַרויסשטעלן יענע סיסטעם פון „אַנטייל נעמען“, וועגן וועלכער ס'איז שוין אויבן געזאָגט געוואָרן אַ פּאָר ווערטער. אָט ווי דער דייטשישער עקאָנאָמיסט היימאַן, וועלכער האָט פריער פאַר אַנדערע געווענדט זיין אויפ-מערקזאַמקייט אויף די דאָזיקע סיסטעם, באַשרייבט דעם עצם-ענין.

„דער אָנפירער קאָנטראָלירט די גרונט-געזעלשאַפט (בוכ-שטעבליך, „די מוטער-געזעלשאַפט“); זי פון איר זייט הערשט איבער אָפּהייגיקע פון איר געזעלשאַפטן („טעכטער געזעל-שאַפטן“), די לעצטע—איבער „אייניקלאַך-געזעלשאַפטן“ און אַ. וו. אויף אַזאַ אופן קען מען, ניט פאַרמאָגנדיק קיין זעהר גרויסן קאַפּיטאַל הערשן איבער גיגאַנטישע פּראָדוקציע-צווייגן. אין, דער אמתן, אויב פאַרמאָגן פּונקט 51% קאַפּיטאַל איז שטענדיק גענוג אויף צו קאָנטראָלירן אַן אַקציאָנערע געזעלשאַפט, איז גענוג, אַז דער אָנפירער זאָל פאַרמאָגן סך הכל 1 מיליאָן, כדי ער זאָל האָבן די מעגליכקייט צו קאָנטראָלירן 8 מיליאָן קאַפּיטאַל בא

„די איינקלאַך-געזעלשאפטן“. און אויב די דאזיקע „איבערפלעכ-טונג“ גייט נאָך ווייטער, קען מען מיט׳ איין מיליאָן קאָנטראָלירן 6 מיליאן, 32 מיליאָן און א. וו.“ [44].

און די פראַקטיק באווייזט טאַקע, אז ס׳איז גענוג צו פאַר-מאָגן 40 % אקציעס, כדי צו זיין א באַלעבאָס פון דער גאנצער אַקציען-געזעלשאַפט [45], ווייל א געוויסער טייל פון די צעברעקל-טע, קלייַנע אקציאָנערן האבן אין דער ווירקליכקייט קיין שום מעגליכקייט ניט צו נעמען אן אנטייל אין די אלגעמיינע פאר-זאַמלונגען א. וו. „די דעמאָקראַטיזירונג“ פון די אקציעס האלטונג, וועלכע דאַרף, לויט דער מיינונג פון די בורזשואזע סאָפיסטן און פון אפּאָרטוניסטן „אויך-סאָציאלדעמאקראטן“ „דע-מאָקראטיזירן דעם קאפּיטאַל“, פארשטארקן די ראָלע און די באַ-טייטונג פון דער קליין פראָדוקציע און א. וו., — דאס איז אין דער אמתן איינער פון די מיטלען, ווי אזוי צו פארסטאַרקן די מאכט פון דער פינאנץ-אליגאַרכיע. און דעריבער דערלויבט טאַקע, אגב אורחא, די געזעצגעבונג אין די מער פּראָגרעסיווע אדער אין די עלטערע און „געניטע“ קאַפּיטאליסטישע לענדער אויך קלע-נערע אקציעס. אין דייטשלאַנד דערלויבט ניט דער געזעץ קיין אקציעס קלענערע פאר טויזנט מאַרק, און די דייטשישע פינאַנץ-פריצים קוקן מיט קנאה אויף איינגלאַנד, וואו דער געזעץ דער-לויבט אקציעס אויך צו איין פונט סטערלינג (20 מארק—אין ערך 10 רובל). איינער פון די גרעסטע אינדוסטריעיר און פון די „פינאנץ-קיניגן“ פון דייטשלאנד, סימענס, האָט דעם 7-טן יוני 1900-טן יאר געמעלדעט אין רייכסטאַג, אז „די אקציע פון איין פונט סטערלינג איז דער יסוד פונם בריטאנישן אימפעריאַליזם“ [46]) בא דעם דאזיקן סוחר איז צו באמערקן אַ טיפערע „מארקסיס-טישע“ באַנעמונג פון דעם, וואָס איז אזוינס דער אימפעריאַליזם, איידער בא איינעם א משונהדיקן שרייבער, וועלכן מע האַלט פאר דעם גרינדער פון דעם רוסישן מארקסיזם און וועלכער מיינט

פונדעסטוועגן, אז דער אימפעריאליזם איז א מיאוסע טבע מער ניט ווי פון איינעם פון די אייראפיאישע פעלקער.

נאר „די סיסטעם פון אנטייל נעמען" לאז די וואס זי פירט צו דער גיגאנטישער פארגרעסערונג פון דער מאכט פון די מאנאפאליסטן, גיט נאך, חוץ דעם, א מעגליכקייט אפצומאכן אלערליי שווינדלערישע און שמוציקע געשעפטן, בארויבן דעם עולם, ווייל דער אנפירער פון דער „מוטער־געזעלשאפט" איז פארמעל, לויטן געזעץ, ניט פאראנטווארטליך פאר דער „טאכטער־געזעלשאפט", וועלכע איז פארעכנט פאר א „זעלבסטשטענדיקע" און דורך וועלכע מע קען אלץ „דורכפירן". אט איז א ביישפיל, וואס מיר נעמען פון דעם מאי ביכל פונם דייטשישן זשורנאל „דער באנק" פאר 1914 יאר. „די אקציען־געזעלשאפט פון רעסארן־שטאל" אין קאסעל האט מיט עטליכע יאר צוריק זיך גערעכנט פאר איינע פון די סאמע הכנסותדיקע אונטערנעמונגען פון דייטשלאנד. ד[ורך] שלעכטע פארוואלטונג האט געבראכט צו דעם, אז די דיווידענדן זיינען פון 15% געפאלן ביז 0%. ווי ס'האט זיך ארויסגעוויזן, האט די פארוואלטונג און דעם וויסן פון די אקציאנערן געגעבן א הלואה פון 6 מיליאן מארק. איינער פון אירע „טאכטער־געזעלשאפטן", „האסיע", וועמענס נאמינאלער קאפיטאל איז באשטאנען סך הכל פון עטליכע הונדערט טויזנט מארק. וועגן דער דאזיקער הלואה, וועלכע איז כמעט דריי מאל גרעסער געווען פארן גאנצן אקציאנערן קאפיטאל פון דער „מוטער־געזעלשאפט" איז אין די באלאנסן פון דער לעצטער קיין איין ווארט ניט געוועזן; אזא פארשוויגן איז יורידיש פולשטענדיק געזעצליך און האט געקענט דויערן גאנצע צוויי יאר, ווייל מיט דעם איז מען ניט עובר אויף קיין איין פאראגראף פון דער האנדלס־געזעצגעבונג. דער פארזיצער פון דעם אויפזיכטס־ראט, וועלכער פלעגט בתור א פאראנטווארטליכע פערזאן אונטערשרייבן די פאלשע באלאנסן, איז געווען און פארבלייבט דער פארזיצער פון דער קאסעלער האנדלס־קאמער. די אקציאנערן האבן זיך דערוואוסט

פון דער הלוואה דער געזעלשאַפט „כאַסיע“ ערשט אַ לאַנגע צייט נאָך דעם, ווי ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס איז געווען „אַ טעות“... (דאָס דאָזיקע וואָרט האָט דער מחבר גענומען אייגנטליך נעמען אין גענזנפיסלעך)... און ווען די אַקציעס פון „דעם רעסטאָרן שטאָל“ זיינען געפאַלן אַן ערך אויף 100%, מחמת דעם, וואָס די יחידי-סגולה, וואָס האָבן געוואוסט פון דער מעשה, האָבן אָנגעהויבן אין איילעניש פאַרקויפן די אַקציעס.

„אָט דער טיפּישער ביישפּיל פון עקווילי-בריסטיק מיט די באַלאַנסן, וואָס איז זעהר אַ גע-וויינטליכע זאַך בא די אַקציען-געזעלשאַפטן, דערקלערט אונז, פאַרוואָס די האַנדלונגען פון אַקציען-געזעלשאַפטן גייען אַ סך לייכטער איין אויף ריזיקאַלישע געשעפטן, איידער פּריוואַטע אונטערנעמער. די בעסטע טעכניק פון צוזאַמענשטעלן באַלאַנסן גיט זיי די מעגליכקייט ניט נאָר צו באַהאַלטן די ריזיקאַלישע געשעפטן פון דעם פּשוטן אַקציאָנער, נאָר זי דערלויבט אַז די הויפּט-פאַראינטערעסירטע פּערזאָנען זאָלן אַראָפּוואַרפן פון זיך די פאַראַנטוואָרטליכקייט אַדאַנק דעם, וואָס זיי פאַרקויפן באַצייטנס די אַקציעס, ווען דער עקספּערימענט גייט זיך ניט איין, אין דער צייט ווען דער פּריוואַטער אונטערנעמער מוז מיט זיין אייגענער הויט באַצאָלן פאַר אַלץ, וואָס ער טוט...

„די באַלאַנסן פון פיל אַקציען-געזעלשאַפטן זיינען ענליך צו יענע באַוואוסטע פון דער מיטלאַלטער-תקופה פּאַלימפּסעסטן, אויף וועלכע מע האָט תחילת געמוזט אָפּרייבן דאָס אָנגעשריבענע, כדי צו אויסגעפינען די צייכנס, וואָס גיבן איבער דעם אמתן אינהאַלט פונם מאַנוסקריפּט“ *).

„דער פשוטסטער און דעריבער דער סאַמע אָנגענומענער

---

*) פּאַלימפּסעסט איז אַ פּאַרמעט, אויף וועלכן ס'איז אָפּגעריבן דער גרונט-אויפשריפט, און אויף דעם אָרט איז אָנגעשריבן אַן אַנדער זאַך.

אופן אויף צו מאכן די באלאנסן פאר אומדורכדרינגליכע באַשטייט אין דעם, וואס מע צעטיילט די אײַנהײטליכע אונטערנעמונג אויף עטליכע טיילן דורך דעם, וואס מע אָרדנט אײַן „טעכטער־געזעלשאפטן", אָדער דורך דעם, וואָס מע פאראייניקט אַזעלכע מיט דער אונטערנעמונג. די נוצן וואָס די דאָזיקע סיסטעם ברענגט פונעם שטאנדפונקט פון פארטייזיגע צוועקן — געזעצליכע און ניט געזעצליכע — זיינען אזוי בולט, אז בא היינטיקער צייט זײַנען ממש א יוצא מן הכלל אזעלכע גרויסע געשעפטן, וואָס האָבן ניט אָנגענומען די דאזיקע סיסטעם" [47]).

ווי א ביישפיל פון דער גרעסטער און מאָנאָפּאָליסטישער געזעלשאַפט, וועלכע נוצט אויפן ברייטסטן אופן אויס די דאָזיקע סיסטעם, רופט דער מחבר אן די באַרימטע „אלגעמיינע עלעקטריע־געזעלשאפט" (A. G. D.), וועגן איר וועלן מיר ריידן ווייטער). אין 1912-טן יאָר האט מען געהאַלטן, אז די דאָזיקע געזעלשאפט נעמט אָנטייל אין 175—200 געזעלשאַפטן, איבער וועלכע זי הערשט, פארשטייט זיך, און אז זי נעמט ארום אינגאנצן א קאַפיטאל פון אן ערך 1½ מיליארד מארק [48]).

אלע כללים פון קאָנטראָל, פון פארעפנטליכן די באלאנסן, פון אויסארבעטן פאר זיי א באַשטימטע סכעמע, פון איינארדענען די השגחה און א. וו., אלץ דאָס, מיט וואס ס'פארנעמען די אויפמערקזאַמקייט פונם עולם די וואוילדיינקנדיקע — דאָס הייסט די פראפעסאָרן און באַאמטע, וועלכע האבן די גוטע כוונה צו פארטיידיקן און צו פארפוצן דעם קאפיטאליזם — קען קיין שום באַטייטונג ניט האבן. ווייל דאס פריוואטאייגנטום איז הייליק, מע קען קיינעם ניט פארווערן קויפן, פארקויפן, אויסבייטן אקציעס, פארמשכנען זיי און א. וו.

וועגן דעם, ווי גרויס די סיסטעם פון „אנטייל נעמען" איז אין די רוסישע גרויסע ביינק, קען מען באקומען א באגריף פון די פאקטן, וואָס ס'גיט אַ'בער יע. אגאד, וועלכער איז 15 יאר געווען א באאמטער אין רוסיש־כינעזישן באנק און האט אין מײַ 1914

יאַר ארויסגעלאָזט א ווערק מיטן ניט גאנץ פונקטליכן נאמען: „די גרויסע בייַנק און דער אַלוועלטליכער מאַרק" [49]). דער מחבר טיילט אייַן די גרויסע רוסישע בייַנק אין צוויי גרונט-גרופּעס: א) וועלכע אַרבעטן מיט „דער סיסטעם פון אַנטייל נעמען" און ב) „אומאָפּהענגיקע", אונטערן וואָרט „אומאָפּהענגיקייט" געפעלט אים אָבער צו פאַרשטיין די אומאָפּהענגיקייט פון אויסלענדי- שע בייַנק: די ערשטע גרופּע טיילט דער אַוטאָר איין אין דרייַ אונטערגרופּעס; 1) דאָס דייטשישע אַנטיילנעמען, 2) דאָס ענג- לישע, 3) דאָס פראַנצויזישע, פאַרשטייענדיק אונטער דעם דאָס אַנטיילנעמען און די הערשאַפט פון די גרעסטע אויסלענדישע בייַנק פון יעדער פון די אונטערגרופּעס נאַציעס. די קאַפּיטאַלן פון די בייַנק טיילט דער אַוטאָר איין אין אַזעלכע, וואָס זיינען פאַר- טוען „פּראָדוקטיוו" (אין האַנדל און אינדוסטריע), און אַזעלכע, וואָס זיינען „ספּעקולאַטיוו" פאַרטוען אין בירזשע און פינאַנץ- אָפּעראַציעס; פון זייַן קלייניבירגערליך-רעפאָרמיסטישן שטאַנד- פונקט, מיינט ער, אַז ס'איז מעגליך, אייַנהיטנדיק דעם קאַפּיטאַ- ליזם, אָפּטיילן דעם ערשטן מין קאַפּיטאַל אָנווענדונג פון דעם צווייטן און באַזייטיקן דעם צווייטן מין.

מיט דאָס זייַנען דעם אַוטאָרס פאַקטן:

דער אַקטיוו פון די בייַנק (לויט די באַריכטן פאַר אָקטיאַ- בר—נאָיאַבר 1913-טן יאָר) אין מיליאָנען רובל.

| גרופּע רוסישע בייַנק | די קאַפּיטאַלן וואָס ווערן אָנגעווענדעט | | |
| --- | --- | --- | --- |
| | פּראָדוקטיוו | ספּעקולאַטיוו | סך הכל |
| א) 1) 4 בייַנק: דער סיביריער האַנדלס-באַנק, דער רו- סישער, דער אינטערנאַצ- יאָנאַלער, דער דיסקאָנט- באַנק | 413,7 | 859,1 | 1272,8 |

| | | | |
|---|---|---|---|
| 408,4 | 169,1 | 239,3 | 2) צוויי ביינק: דער האַנדלס-אינדוסטריע-לער און דער רוסיש-איינגלישער |
| 1373,0 | 661,2 | 711,8 | 3) 5 ביינק: דער רוסיש-אזיאַטישער, דער פּעטראגר. פריוואַטער דער אזאוו-דאָנער, איניאָן, דער מאָס-קווער, דער רוסיש-פראַנצ. |
| 3,054,2 | 1,589,4 | 1364,8 | 11 ביינק סך הכל |
| 895,2 | 391,1 | 504,2 | ב) 8 ביינק: דער מאָס-קווער סוחרים-באַנק, דער וואָלגע-קאַמער, יונקער און קאָמפּ., פּעטראגר. האַנד=ב., גינצבורג, וואַוועל=בערג, מאָסקווער געוו. ריאַבושינסקיס באַנק, מאסקווער דיסקאָנט-ב.; מאָסקווער האַנד.-ב. און מאָסקווער פריוואַטער |
| 3·949·4 | 2,080,5 | 1,869,0 | 19 ביינק סך הכל |

לויט די דאָזיקע פאַקטן קומט אויס, אז פון כמעט 4 מיל-יארדן רובל, וואָס בילדן דעם אקטיוון קאַפּיטאַל פון די גרויסע ביינק איז העכער 3/4. העכער 3 מיליאַרד פאַלט אויפן חלק פון די ביינק, וועלכע שטעלן מיט זיך אייגנטליך פאָר „טעכטער-געזעלשאַפטן" פון אויסלענדישע ביינק, ראשית כל פון די פאַריזער (דער באַריהמטער באַנק-טריאָ: „דער פאַריזער פארבאַנד"; דער פאריזער און נידערלאַנדישער; די גענעראַל-געזעלשאַפט) און פון די בערלינער (בפרט דער דייטשישער באַנק און די דיסקאָנט-געזעלשאַפט). די צוויי גרעסטע רוסישע ביינק, „דער רוסישער" (דער רוסישער באַנק פאר אויסערליכן האַנדל) און „דער אינטערנאַציאָנאַלער" (דער פעטראגר. אינטערנאַציאָנאַלער האַנדלס-באַנק) האבן פון 1906-טן יאָר ביז 1912-טן געהויבן זייערע קאַ-פּיטאַלן פון 44 ביז 98 מיליאַן, און זייערע רעזערוון—פון 15 ביז 39 מיליאָן, „אַרבעטנדיק אויף 3/4 מיט דייטשישע קאַפּיטאַלן"; דער ערשטער באַנק געהערט צום „קאָנצערן" פון בערלינער „דייטשישן באַנק", דער צווייטער—פון „בערלינער דיסקאָנט-געזעלשאַפט". דער גוטער אַגאַד איז שטאַרק אויפגעבראַכט פון דעם, וואָס די בערלינער ביינק האַלטן אין זייערע הענט דעם גרעסטן טייל אַקציעס, און וואָס די רוסישע אקציאָנערן זיינען דעריבער גאַנץ אומטעכטיק און, ס'פארשטייט זיך, אז דאָס לאנד, וואָס פירט ארויס קאַפּיטאַל, נעמט אַראָפּ דעם פעטסטן חלק: דער בערלינער „דייטשישער באנק", למשל, האָט איינפירנדיק אין בערלין די אקציעס פון סיבירער האַנדלס-באַנק, זיי אָפּגעהאַלטן אַ גאַנץ יאָר בא זיך אין פאָרטפעל, און האט זיי דערנאך פאר-קויפט לויטן קורס 193 פאר 100, דאָס הייסט, כמעט אין צווייען, „און האָט פארדינט" בא א זעקס מיליאָן רובל ריווח, וועלכן הילפערדינג רופט אָן „גרינדונגס-ריווח".

די גאנצע „מעכטיקייט" פון די פעטראָגראַדער גרעסטע ביינק באַשטימט דער אוואָר אין 8,235 מיליאָן רובל, כמעט 8 1/4 מיליאַרד, און דערביי פאַרטיילט ער אויף אזא אופן דעם „אַנטייל

אָדער, ריכטיקער, די הערשאַפט פון די אויסלענדישע ביינק; די פראַנצויזישע ביינק — 55%, די איינגלישע—10%, די דייטשישע 35% פון דער דאָזיקער סומע 8,235 מיליאָן פונקציאָנירנדיקן קאַפּיטאַל, קומט לויט דעם השבון פונם אויטאָר אויס, 3,687 מיליאָן רובל, דאָס הייסט העכער 40%, אויף די סינדיקאַטן: פּראָדוגאַל, פּראָדאַמעטע, אויף די סינדיקאַטן אין דער נאַפט, מעטאַלורגישער און צעמענט-אינדוסטריע. הייסט עס, אז אויך אין רוסלאַנד איז די צונויפגיסונג פונם באַנק-קאַפּיטאַל מיטן אינדוסטריע-קאַפּיטאַל, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אויסבילדונג פון קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן, באַטייטנדיק אַוועק פאָראויס.

דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל, וואָס איז קאָנצענטרירט אין די הענט פון אַ קלייַנער צאָל מענטשן און וואָס איז פאַקטיש דער מאָנאָפּאָליסט, באַקומט אַ קאָלאָסאַלן, אַלץ וואַקסנדיקן ריווח פון גרינדעריי, פון ארויסלאָזן פאָנד-פּאַפּירן, פון מלוכה-הלוואות און א. וו. ער פאַרפעסטיקט די הערשאַפט פון דער פינאַנץ-אָליגאַרכיע, און לייגט אַרויף אויף דער גאַנצער געזעלשאַפט צינז לטובת די מאָנאָפּאָליסטן. אָט איז איינער פון די אָנשיערדיקע ביישפּילן וועגן דעם ווי אזוי „ט'באַלעבאַטעווען" די אַמעריקאַנער טרעסטן, אַ ביישפּיל, וועלכן ס'ברענגט הילפערדינג: אין 1887-טן יאָר האָט האַוועמייער געגרינדעט דעם צוקער-טרעסט דורך דער צונויפגיסונג פון 15 קליינע געזעלשאַפטן, וועמענס געמיינזאַמער קאַפּיטאַל איז געווען 6½ מיליאָן טאָלער. דער קאַפּיטאַל פונם טרעסט איז אבער, ווי די אַמעריקאַנער דריקן זיך אויס „צעמישט געוואָרן מיט וואַסער" און האָט זיך גערעכנט 50 מיליאָן טאָלער. „די איבערקאַפּיטאַליזירונג" האָט גענומען אין באַטראַכט די קומענדיקע מאָנאָפּאָלן-רווחים, פּונקט ווי דער שטאָל-טרעסט אין דערזעלביקער אַמעריקע האָט, איינקויפנדיק אַלץ מער ערד מיט אייזן-ערץ, גענומען אין באַטראַכט די קומענדיקע מאָנאָפּאָל-רווחים. און דער צוקער-טרעסט האָט טאַקע איינגעשטעלט מאָנאָפּאָלן מקחים און האָט געהאַט אַזויפיל הכנסות, אַז ער איז גע-

ווען אימשטאנד צו צאָלן 10% דיווידענס אויפן קאפיטאל, וואס איז זיבן מאָל „צעמישט געווארן מיט וואסער", דאָס הייסט כמעט 70% אויפן קאפיטאל, וועלכן מ'צ האָט באמת אריינגעטראָגן ביים גרינדן דעם טרעסט! אין 1909-טן יאר איז דער קאפיטאל פון דעם דאזיקן טרעסט געווען 90 מיליאן טאָלער, נאך 22 יאָר, איז דער קאפיטאל גרעסער געווארן מער ווי אין צען מאל.

אין פראנקרייך האט די הערשאפט פון דער פינאנץ-אליגארכיע („קעגן דער פינאנץ-אליגארכיע אין פראנקרייך"—אזוי איז דער קאָפּל פון ליזיס'עס באוואוסטן בוך, וואס איז זיין 1908-טן יאָר ארויס אין דער פינפטער אויפלאגע) אנגענומען רק א ביסל אן אנדער פאָרם. ביים ארויסלאזן ווערט-פאפירן האָבן די פיר גרעסטע ביינק ניט א לפי ערכדיקע, נאר אן אבסאָלוטע מאנאפאָל. פאקטיש איז עס „א טרעסט פון די גרויסע ביינק". און די מאָנאָפּאָל גאראנטירט זיי אויך מאנאפאלע רווחים בא די עמיסיאנען. דאס לאנד, וואס באקומט די הלואה, באקומט געוויינטליך ניט מער ווי 90% פון דער גאנצער סומע, 10% קומט אן די ביינק און די איבעריקע פארמיטלער. דער רווח פון די ביינק בא דער רוסיש-כינעזישער הלואה פון 40 מיליאן פראנק איז געווען 8%, בא דער רוסישער (1904) אין 800 מיליאן—10%. בא דער מאראָקאנישער (1904) אין 62½ מיליאָן—18¾%. דער קאפיטאליזם, וואס האט אנגעהויבן זיין אנטוויקלונג פון דעם קליינעם וואכערישן קאפיטאל, פארענדיקט זיין אנטוויקלונג מיט א גיגאנטישן וואָכערישן-קאפיטאל. „די פראנצויזן זיינען פראצענטניקעס פון אייראָפּע" — זאָגט ליזיס. אראָנק אט דער דעגענערירונג פונם קאפיטאליזם ענדערן זיך טיף אלע עקאָנאָמישע באדינגונגען. בא א שטילשטאנד אין וואוקס פון דער באפעלקערונג, פון דער אינדוסטריע, פונם האנדל, פונם ים-טראנספּאָרט, „איז נאר פון פראצענט קאָן דאס לאנד רייך ווערן". פופציג מענטשן, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר א קאפיטאל פון 8 מיליאן פראנק, קענען

צעשאפן האבן איבער 2 מיליארד אין פיר ביינק. די סיסטעם, „פון אַנטייל נעמען“, מיט וועלכער מיר זיינען שוין באַקאַנט, ברייינגט צו די זעלבע רעזולטאַטן; איינער פון די גרעסטע ביינק, „די גענעראַל געזעלשאַפט“ (Société Générale) לאָזט ארויס 4 טויזנט אָבליגאַציעס פון דער „טאָכטער-געזעלשאַפט“ פון די „ראַפינאַד-זאַוואָדן אין עגיפטן“. דער קורס פון די אָבליגאַציעס איז 150%, דאס הייסט, דער באַנק פאַרדינט 50 קאָפּ. אויף אַ רובל. די דיווידענטן פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פיקטיווע, „דער עולם“ האָט פאַרלאָרן פון 90 ביז 100 מיליאָן פראַנק; איינער פון די דירעקטאָרן פון דער „גענעראַל געזעלשאַפט“ איז געווען אַ מיטגליד פון דער פאַרוואַל-טונג אין די „ראַפינאַד-זאַוואָדן“. ס'איז דעריבער קיין וואונדער ניט, וואָס דער אַווטאָר האָט געמוזט קומען צו אַזאַ אויספיר: „די פראַנצויזישע רעפּובליק איז א פינאַנץ-מאָנאַרכיע“; די פינאַנץ-אַליגאַרכיע הערשט פולשטענדיק; זי געוועלטיקט הן איבער דער פרעסע און הן איבער דער רעגירונג“ [50]).

דער געוואַלטיקער הויכער ריווח ביים אַרויסלאָזן ווערט-פּאַפּירן, וואָס שטעלט מיט זיך פאר איינע פון די הויפּט-אָפּעראַצ-יעס פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, שפּילט זעהר אַ וויכטיקע ראָלע אין דער אַנטוויקלונג און דער באַרעסטיקונג פון דער פינאַנץ-אַלי-גאַרכיע. „אינעווייניק אינם לאַנד איז ניטאָ קיין איין געשעפט, וועלכער זאָל געבן אפילו לפי ערך אזא הויכן ריווח, ווי די פאַרמיטלעריי ביים ארויסלאָזן אויסלענדישע הלוואות“, שרייבט דער דייטשישער זשורנאַל „דער באַנק“ [51]).

„ס'איז ניטאָ קיין איין באַנק-אָפּעראַציע, וועלכע זאָל ברייג-גען אַזאַ הויכן ריווח, ווי דער עמיסיאָן-געשעפט“. דער דורכשניט-ליכער ריווח פאַר אַ יאָר ביים ארויסלאָזן פאַנדן פון אינדוסטריע-אונטערנעמונגען איז געווען, לויט די פאַקטן פון דעם „דייטשישן עקאָנאָמיסט“:

| | | |
|---|---|---|
| 1895 | — | 38,6 % |
| 1896 | — | 36,1 „ |
| 1897 | — | 66,7 „ |
| 1898 | — | 67,7 „ |
| 1899 | — | 56,9 „ |
| 1900 | — | 55,2 „ |

אין אַ משך פון 10 יאָר 1900 -- 1891, איז ביים ארויסלאָזן די דייטשישע אינדוסטריע-פאָנדן „פאַרדינט געוואָרן העכער אַ מיליאַרד [32]).

אויב אין אַ צייט פון אינדוסטריע אויפבליהונג זיינען די רווחים פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל אומגעהייער גרויס, איז אין א צייט פון דעפּרעסיע קומען אום די קליינע און ניט פעסטע אונטערנע-מונגען, און די גרויסע ביינק „נעמען אַנטייל" אין איינקויפן פאר ביליק אָדער אין הכנסותדיק „געזונט-מאַכן" און אין „רעאָרגאַני-זירונגען", וועלכע ברייגגען אַ גאַנץ שיינעם ריווח. ביים „געזונט-מאַכן" די אונטערנעמונגען, וואָס ברייגגען היזק, ווערט פאַרקלע-נערט דער אַקציען-קאַפּיטאַל, דאָס הייסט, די פרנסה ווערט פאַר-טיילט אויף אַ קלענערן קאַפּיטאַל און אויף להבא ווערט זי שוין אויסגערעכנט אויף דעם דאָזיקן פאַרקלענערטן קאַפּיטאַל. און אויב דער דיווידענט איז דערגאַנגען ביז 0, ווערט דאַן צוגעצויגן אַ נייער קאַפּיטאַל, וועלכער וועט שוין טראָגן אַ גענוגנדיקע הכנסה, נאָכדעם ווי ער האָט זיך פאַראייניקט מיטן אלטן קאַפּיטאַל, וועלכער פלעגט טראָגן אַ קלענערע הכנסה. מע דאַרף אגב באַ-מערקן—גיט צו הילפערדינג — אז אָט די אַלע געזונט-מאַכענישן און די רעאָרגאַניזירונגען האָבן אַ צווייענדיקע באַטייטונג פאר די ביינק: ערשטנס, איז דאָס אן אָפּעראַציע, וואס ברייגגט ריווח;

און, צווייטנס, איז ז'אָס אַ פּאָסיקע געלעגנהייט אויף צו מאַכן אָפּהײַנגיק פון זיך די געזעלשאַפטן, וואָס נויטיקן זיך אין זייער הילף [58]).

אָט איז אַ בײַשפּיל: די באַוּג-אינדוסטריעלע אַקציען-געזעל-שאַפט „אוניאָן" אין דארטמונד איז געגרינדעט אין 1872-טן יאר. ס'איז ארויסגעלאָזן געוואָרן אַן אַקציען-קאַפּיטאַל קרוב צו 40 מיליאָן מאַרק און, ווען דאָס ערשטע יאָר האָט געגעבן דיווידענט 12%, האָט זיך ד'ער קורס פון די אַקציעס געהויבן ביז 170%. דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל האָט אַראָפּגענומען די סמעטענע און האָט פאַרדינט אַ „קלייניקייט" עפּעס אַ 28 מיליאָן מאַרק. די הויפּט-ראָלע בײַם גרינדן די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט געשפּילט דער-זעלבער גרעסטער דייטשישער באַנק „די דיסקאָנט-געזעלשאַפט", וואָס האָט דערגרייכט ביז אַ קאַפּיטאַל פון 300 מיליאָן מאַרק. דער-נאָך פאַלן די דיווידענטן פון „אוניאָן" ביז נול. די אַקציאָנערן קומט אויס צייגיין „אַראָפּצושרייבן" דעם קאַפּיטאַל, דאָס הייסט מסכים זיין פאַר'לירן א טייל פון קאַפּיטאַל, כדי ניט אָנווערן אים אינגאַנצן. אין רעזולטאַט פון א ריי אזעלכע, „געזונט-מאַכענישן" ווערט אין אַ משך פון 30 יאָר פאַרשוואונדן פון די ביכער פון „אוניאָן" העכער 23 מיליאָן מאַרק. באַ הײַנטיקער צייט געפינט זיך אין די הענט פון די אָנפאַנגליכע אקציאָנערן סך הכל 5% פון נאָמינאַלן ווערט פון זייערע אקציעס [34]) און די ביינק האָבן די גאַנצע צייט בא איטליכער „געזונט-מאַכעניש" אליך „פארדינט".

בפרט גרויסע רווחים באַקומט דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל אַדאַנק דער ספּעקולאַציע מיט ערד-פּלעצער אין די אומגעגנטן פון די גיך וואַקסנדיקע גרויסע שטעט. די מאָנאָפּאָל פון די ביינק גיסט זיך דאָ צונויף מיט דער מאנאָפּאָל אויף קומוניקאַציאָן-מיטלען, ווייל דער וואוקס פון די מקחים אויף ערד-פּלעצער, די מעגליכ-קייט גוט צו פארקויפן זיי שטיקלאכווייס און א. וו. הײַנגט מער פון אליך אָפּ פון גוטע קומוניקאציאָן-מיטלען מיטן צענטער-

שטאָט, און די דאזיקע קאָמוניקאציאָן־מיטלען געפינען זיך אין די הענט פון גרויסע חברות, וועלכע זיינען צונויפגעבונדן מיט די זעלביקע ביינק דורך דער סיסטעם פון „גמייל נעמען" און דורך דער פאַרמיילונג פון דירעקטאָרן שטעלעס. ס'באַקומט זיך דאָס, וואָס דער דייטשישער שרייבער ל. עשוועגע, א מיטאַרבעטער פון זשורנאַל „דער באַנק", וועלכער האָט ספּעציעל שטודירט די אָפּעראַציעס מיטן ערד־פּלעצער האַנדל, מיט היפּאָטעק און א. וו., האָט אָנגערופן מיטן נאָמען „זומפּ" אַ געוואַלדיקע ספּעקולירונג מיט די פאָרשטעטישע ערד־פּלעצער, קראַכן פון בוי־פירמעס, ווי פון דער בערלינער פירמע „באָסוואַו און קנאַויער", וועלכער האָט דורך דער „פאַרמיטלונג" פון דעם סאַמען סאָלידן און גרויסן „דייטשישן באַנק" (Deutsche Bank) אָנגעכאַפּט אַרום 40 מיליאָן מאַרק; דער באַנק האָט, פאַרשטייט זיך, געאַרבעט לויט דער סיסטעם פון „אַנטייל נעמען", דאָס הייסט, באַהאַלטענערהייט, אונטער יענעמס פליגעלע, און האָט זיך אַרויסגעדרייט, פאַרלירנ־דיק סך הכל 12 מיליאָן מאַרק,— ווייטער די רואינירונג פון קליי־נע באַלעבאַטים און ארבעטער, וואָס באַקומען גאָרנישט ניט פון די פאַנאַנדערגעבלאָזענע בוי־פירמעס, פון שווינדלעריש געשעפטן מיט דער בערלינער „אָרענטליכער" פאָליציי און מיט דער אד־מיניסטראַציע, כדי צו פאַרכאַפּן אין אייגענע הענט דאָס ארויסגע־בן ידיעות וועגן די ערד־פּלעצער און די דערלויבענישן פון דער שטאָט־דומע וועגן אויפריכטן בנינים און א. א. וו. [55]).

*

„די אמעריקאנער מידות", וועגן וועלכע די אייראָפּייאישע פּראָפעסאָרן און די וואוילדיינקדיקע בורזשוא הויבן מיט צביעות זייערע אויגן צום הימל, זיינען אין דער תקופה פון פינאַנץ־קאַפּיטאַל פאַרשפּרייט געוואָרן אַבסאָלוט אין איטליכער גרויסער שטאָט פון איטליכן לאַנד.

אין בערלין האָט מען אין אָנהויב 1914־טן יאָר גערעדט וועגן דעם, אַז עס שטייט פאָר אַן אויסבילדונג פון אַ „טראַנס

פּאָרט-טרעסט", דאָס הייסט, „א אינטערעסן-געמיינזאַמקייט" צווישן די דריי בערלינער טראַנספּאָרט-אונטערנעמונגען: צווישן דעם שטאָטישן עלעקטרישן אייזנבאַן, דער טראַמוויי-געזעלשאַפט און דער אמניבוס-געזעלשאַפט. אַז אַזאַ מין כוונה איז פאַראַן, דאָס ווייסן מיר, — שרייבט דער זשורנאַל „דער באַנק" — זייט ס'איז באַוואוסט געוואָרן, אַז דאָס רוב אַקציעס פון דער אמניבוס-געזעלשאַפט איז איבערגעגאַנגען אין די הענט פון די צוויי איבעריקע טראַנספּאָרט-געזעלשאַפטן. מען קען געוויס גלויבן די פּערזאָנען, וועלכע שטעלן זיך פאַר אַ צוועק אויפיל אָפּצושפּאָרן דורך דער איינהייטליכער רעגולירונג פונם טראַנספּאָרט-ענין, אַז א טייל פון דעם אָפּגעשפּאָרטן וועט מאַקע סוף כל סוף אָנקומען דעם עולם. נאָר די פראַגע ווערט דורך דעם קאָמפּליצירטער, וואָס הינטער דעם דאָזיקן זיך אויסבילדנדיקן טראַנספּאָרט-טרעסט שטייען די ביינק, וועלכע האָבן די מעגליכקייט, אויב זיי וועלן נאָר וועלן, אונטערוואַרפן די מאָנאָפּאָליזירטע דורך זיי קומוני-קאַציאָן-מיטלען אונטער די אינטערעסן פון זייער מסחר מיט ערד-פּלעצער. כדי זיך צו איבערצייגן אין דעם, אויף וויפל ס'איז נאַטירליך אַזאַ השערה, איז גענוג זיך צו דערמאָנען, אַז שוין ביים גרינדן די געזעלשאַפט פונם שטאָטישן עלעקטרישן אייזנ-באַן זיינען פאַרמישט געווען די אינטערעסן פון יענעם גרויסן באַנק, וועלכער האָט מיטגעהאָלפן דער גרינדונג און מאַקע די אינטערעסן פון אָט דער טראַנספּאָרט-אונטערנעמונג זיינען געווען איבערגעפלאָכטן מיט די אינטערעסן פון מסחר מיט ערד-פּלעצער. די מעשה איז אין דעם, וואָס די מזרח-ליניע פונם דאָזיקן אייזנ-באַן האָט געזאָלט אַרומנעמען יענע ערד-פּלעצער, וועלכע דער דאָזיקער באַנק האָט שפּעטער, ווען דאָס אויפבויען פון דער אייזנ-באַן איז שוין געווען אַ זיכערע זאַך, פאַרקויפט מיט אַ גרויסן ריווח פאַר זיך און פאַר עטליכע אַנטיילנעמער [56].

וויבאַלד נאָר די מאָנאָפּאָל האָט זיך אויסגעבילדעט און האָט צעשאַפן איבער אַ סך מיליאַרדן, מוז זי אומפאַרמיידליך

אַריינדרינגען אין אַלע זייטן פון געזעלשאַפטליכן לעבן, אומאָפּ-
הענגיק פון דער פּאָליטישער אָרדענונג און פון וועלכע ניט איז
אַנדערע „פּרטים“. ס'איז אַ גאַנץ געוויינטליכע זאַך אין דער
דייטשישער עקאָנאָמישער ליטעראַטור זעלבסטלויבן די אָרנטליכ-
קייט פון דעם פּרייסישן באַאַמטענטום און געבן אָנצוהערן וועגן
דער פראַנצויזישער פּאַנאַמע און וועגן דער אַמעריקאַנער פּאָלי-
טישער אונטערקויפליכקייט. נאָר אַ פאַקט איז דאָס, וואָס אפילו
די בורזשואַזע ליטעראַטור, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער
אויספאָרשונג פון דעם באַנק-געשעפט פון דייטשלאַנד, איז גע-
צוואונגען שטענדיק אַוועקגיין הייט פון ריינע באַנק-אָפּעראַציעס
און אַדאַנק די אַלץ אָפטער, למשל, וועגדיקע פאַלן, וואָס באַ-
אַמטע גייען איבער דינען אין באַנק. מוזן זיי שרייבן וועגן דער
יאָגעניש אין באַנק אַריין[57]: ווי האַלט עס מיט דער אומאָפּהענגי-
קייט פון דעם מלוכה-באַאַמטן, וועמעס אינעווייניקסטע
שטרעבונג איז צו פאַרנעמען א פעט אָרט אין דער בערנגאַנג*)
אַלפרעד לאַנסבורג, דער אַרויסגעבער פון זשורנאַל „דער באַנק“,
האָט אין 1909-טן יאָר אָנגעשריבן אַן ארטיקל „די עקאָנאָמישע
באַטייטונג פונם וויזאַנטיזם“, דער אַרטיקל האָט, אגב אורחא,
באַרירט די פראַגע וועגן ווילהעלם דעם צווייטנס נסיעה קיין
פּאַלעסטינע און וועגן דעם דירעקטן רעזולטאַט פון דער דאָזיקער
נסיעה, די אויסבויאונג פון דער באַגדאַדער אייזנבאַן ליניע, דעם
אומגליקליכן גרויסן אויפטו פון דעם דייטשישן אונטערנעמונגס-
גייסט, וואָס איז מער שולדיק אין דעם „אַרומרינגלען“, איידער
אַלע אונזערע פּאָליטישע קראַבן אינאיינעם גענומען (אונטער
אַרומרינגלען פאַרשטייט מען דאָ די פּאָליטיק פון עדוואַרד דעם
זיבעטן, וועלכער האָט געשטרעבט צו איזאָלירן דייטשלאַנד און

*) אַ גאַס אין בערלין, אויף וועלכער ס'געפינט זיך „דער דייטשישער
באַנק“.

ארומצורינגלען עס מיט א רינג פון אן אימפעריאַליסטישן אנטי-דייטשישן פאַרבאַנד). דער שוין פון אונז דערמאָנטער מיסאַרבע-טער עשוועגע האט אין 1902-טן יאָר אָנגעשריבן אן ארטיקל „די פלוטאָקראטיע אין דאָס באַוואַמענטום", וואו ער האט אויפ-געדעקט דעם צופאַל מיטן דייטשישן באַאַמטן פעלקער. וואָס איז געוועזן אַ מיטגליד פון דער קארטעלן-קאָמיטע, האָט זיך אויסגע-צייכנט מיט זיין ענערגיע און אין א קורצע צייט ארום האט זיך אַרויסגעוויזן, אז ער פארנעמט א גאנץ פעטע שטעל אין דעם גרעסטן קארטעל אין שטאָל-סינדיקאַט. אזעלכע פאַלן, וואָס זיינען גאָרנים קיין צופעליקע ד'ערשיינונג, האָבן געצוואונגען דעמזעל-ביקן בורזשואַזן שרייבער מודה צו זיין, אז „די עקאנאמישע פרייַהייט, וואס איז גאראנטירט דורך דער דייַטשישער קאָנסטי-טוציע, איז אין א סך געביטן טוגם ווירטשאפטליכן לעבן געווארן א פוסטע פראזע אן שום אינהאלט", און אז בא דער עקזיסטירע-דיקער הערשאפט פון דער פלוטאָקראטיע „קען אונז די ברייטסטע פּאָליטישע פרייַהייט ניט ראטעווען פון דעם, אז מיר זאָלן ניט ווערן קיין פאָלק פון ניט פרייַע מענטשן" [58].

וואס איז שייך רוסלאַנד, ווען מיר זיך באַגרעניצן מיט איין ביישפּיל: מיט עטליכע יאר צוריק האבן אלע צייטונגען גע-בראַכט די ידיעה, אַז דער דירעקטאר פון דער קרעדיט-קאנצע-לאריע, דאווידאוו, פארלאזט די רעגירונג-שטעלע און נעמט אן א שטעלע אין איינעם פון די גרעסטע בינק מיט א געהאַלט, וואס דארף לויטן אפמאך אין א משך פון עטליכע יאר דערגרייכן ביז א סומע פון העכער א מיליאן רובל. די קרעדיט-קאנצעליאריע איז אן אנשטאַלט, וועמעס אויפגאבע איז „צו פאַראייניקן די טעטיקייט פון אלע קרעדיט-אנשטאַלטן אין דער מלוכה" און וועלכע סובסי-דירט די ביינק פון די הויפט-שטעט אויף א סומע פון 800—1000 מיליאן רובל [60].

בכלל ליגט אין דער טבע פונם קאַפּיטאַליזם אפּצוטיילן דאָס אייגנטום אויפן קאפּיטאַל פון זיין אָנווענדונג צו דער פּראָ-

דוקציע, אפצוטיילן דעם געלט-קאַפּיטאל פונם אינדוסטריעלן אדער פּראָדוקטיון, אָפּצוטיילן דעם ראנטיע, וואס לעבט בלויז פון דער הכנסה, וואָס עס ברייננט אים דער געלט קאַפּיטאל פון דעם אונטערנעמער און פון אלעמען, וואס נעמען א דירעקטן אנטייל אינם באַלעבאַטעווען איבערן קאַפּיטאל. דער אימפּעריאַליזם אדער די הערשאַפט פונם פינאנץ-קאַפּיטאל איז יענע העכסטע שטופע פון קאַפּיטאל, בא וועלכער די דאָזיקע אָפּטיילונג דערגרייכט א געוואַלטיקע גרויס. די ממשלה פונם פינאנץ-קאַפּיטאל איבער אלע איבעריקע פארמען פון קאַפּיטאל באַטייט א הערשעריקע לאַגע פון די ראנטיע און פון דער פינאנץ-אליגארכיע, באַטייט אַן אויסטיילונג פון אלע איבעריקע מלוכות א קליינע צאל פינאנצ-יעל מעכטיקע מלוכות. ווי ווייט ס׳דערגרייכט דער דאָזיקער פּראַצעס, קאן מען זעהן פון דער סטאַטיסטיק עמיסיאָן, ד. ה., פון דער סטאַטיסטיק וועגן ארויסלאָזן כלערליי ווערט-פּאַפּירן.

אין „ביולעטען פון דעם אינטערנאציאנאלן סטאַטיסטישן אינסטיטוט" האט א. ניימארק פארעפנטליכט אויספירליכסטע, פולע, קעגנאיינאנדער געשטעלטע ציפערן, וועגן עמיסיעס אין דער גאנצער וועלט, ציפערן, וועלכע זיינען שוין נים איינמאָל ציטירט געווארן אין דער עקאנאמישער ליטעראטור. אט זיינען סך הכלס פאר 4 יאָר צענדליקע.

דער סכום פון עמיסיעס אין מיליארדן פראַנק פאר א יאָר צייט:

| | |
|---|---|
| 1871—1880 | 76,1 |
| 1881—1890 | 64,5 |
| 1891—1900 | 100,4 |
| 1901—1910 | 197,8 |

אין 1870-טען יאָר האט זיך דער אלגעמיינער סכום פון עמיסיעס אין דער גאנצער וועלט פארגרעסערט באזונדער דורך די חלוואות אין צוזאמענהאנג מיט דעם פראנצויזיש-פרייסישן קריג און דער גרינדעריי-תקופה אין דייטשלאנד, וואס איז געקומען גלייך נאכן קריג. אין אלגעמיין און אינגאנצן גייט די פראגרעסערונג אין משך פון די דריי לעצטע צענדליגער יאָר פון 19-טן יאָרהונדערט ניט זעהר גיך. און נאָר דער ערשטער יאָר-צענדליג פון 20 טן יאָרהונדערט גיט אַ קאָלאָסאַלע פּראָגרעסערונג, כמעט אַ פאַרטאָפּלונג פאר 10 יאָר. דער אנטוויקלונג פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט איז, הייסט עס, אַ תקופה פון איבערבויאן ניט נאָר אינם פרט פונם וואוקס פון די מאָנאָפּאָלן (פון קאַרטעלן, סינדיקאַטן, טרעסטן), וועגן וואָס מיר האָבן שוין גערעדט, נאָר אויך אינם פרט פון וואוקס פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל.

די אַלגעמיינע סומע פון ווערט-פּאַפּירן אין דער וועלט אין 1910-טן יאָר באַשטימט ניימאַרק אין אן ערך 815 מיליאַרד פראנק אָראָפּרעכנדיק בערך די צוויי מאָל געבראַכטע ציפערן, פארקלענערט ער די דאָזיקע סומע ביז 575—600 מיליאַרד. אָט איז די פאַרטיילונג צווישן איינצלנע מלוכות (מיר נעמען 600 מיליאַרדן

די סומע פון ווערט-פּאַפּירן אין 1910-טן יאָר (מיליאַרדן פראַנק).

| | | |
|---|---|---|
| איינגלאַנד | 142 | 479 |
| די פאַראייניקטע שטאַטן | 132 | |
| פראַנקרייך | 110 | |
| דייטשלאַנד | 95 | |
| רוסלאַנד | 31 | |
| עסטרייך-אונגאַרן | 24 | |

| | |
|---|---|
| איטאַליען | 14 |
| יאַפּאַן | 12 |
| האָלאַנד | 12.5 |
| בעלגיע | 7.5 |
| שפּאַניע | 7.5 |
| שווייץ | 6.25 |
| דאַניע | 3.75 |
| שוועדן, נאָרוועגיע, רומעניע און די איבעריקע | 2.5 |
| סך הכל | 600 |

פֿון דעם איז בולט ניכר, ווי שאַרף ס'שיילן זיך אויס די פֿיר רייכסטע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וועלכע האָבן יעדערער אַן ערך פֿון 100 ביז 150 מיליאַרד פֿראַנק ווערט=פּאַפּירן. צווייַ פֿון זיי ווייזן די סאַמע עלטסטע און, ווי מיר וועלן זעהן, די רייַכסטע מיט קאָלאָניעס קאַפּיטאַליסטישע לענדער: איינגלאַנד און פֿראַנקרייַך; די איבעריקע צוויי ווייַזן די סאַמע פּראָגרעסיווע קאַפּיטאַליסטישע לענדער לויט דער גיכקייט פֿון אַנטוויקלונג און לויט דער מאָס פֿון פֿאַרשפּרייטונג פֿון קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָלן אין דער פּראָדוקציע — די פֿאַראייניקטע שטאַטן און דייטשלאַנד האָט די פֿיר לענדער האָבן אײַנאיינעם 479 מיליאַרד פֿראַנק, דאָס הייסט כמעט 80 % פֿון דעם אַלוועלטליכן פֿינאַנץ-קאַפּיטאַל. כמעט די גאַנצע איבעריקע וועלט שפּילט, אַזוי אָדער אַנדערש, די ראָלע פֿון אַ בעל-חוב און פֿון אַ צינז צאָלער בנוגע צו די דאָזיקע

לענדער—אינטערנאַציאָנאַלע באַנקירן, בנוגע צו אָט די מיר „ווילן“ פון דעם אלוועלטליכן פינאַנץ-קאַפיטאַל.

ספּעציעל מוז מען זיך אָפּשטעלן אויף דער ראָלע, וואָס דער עקספּאָרט פונם קאַפּיטאַל שפּילט בײַם שאַפן די אינטערנאַצי-אָנאַלע נעץ פון דער אָפּהענגיקייט און פון פאַרבינדונגען פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל.

## 4. דער עקספּאָרט פונם קאַפּיטאַל.

פאַרן אַלטן קאַפּיטאַליזם, מיט דער פולשטענדיקער הער-שאַפט פון פרײַער קאָנקורענץ, איז טיפּיש געווען דער עקספּאָרט פון סחורות. פאַר דעם נײַסטן קאַפּיטאַל, מיט דער הערשאַפט פון מאָנאָפּאָלן, איז געוואָרן טיפּיש דער עקספּאָרט פון קאַפּיטאַל.

דער קאַפּיטאַליזם איז אַ סחורות-פּראָדוקציע אין דער העכס-טער אַנטוויקלונגס-שטופע אירער, ווען אויך די אַרבעטס-קראַפט ווערט אַ סחורה. דער כאַראַקטעריסטישער אונטערשייד-שטריך פונם קאַפּיטאַליזם איז דער וואוקס פונם אויסטויש, הן אינעווייניק אינם לאַנד, הן, באַזונדערס, פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן. אומגלייכמע-סיקייט זיקזאַק-אַרטיקייט אין דער אַנטוויקלונג פון איינצלנע אונטערנעמונגען, פון איינצלנע אינדוסטריע-צווייגן, פון איינצלנע לענדער זײַנען בײַם קאַפּיטאַליזם אומפאַרמײַדליך. לכתחילה איז ענגלאַנד פריער פון די איבעריקע לענדער, געוואָרן אַ קאַפּי-טאַליסטיש לאַנד און צום מיטן פון נײַנצעטן יאָרהונדערט האָט זי פּרעטענדירט אויף דער ראָלע „פון אַ שול פאַר דער גאַנצער וועלט“, פון אַ ליפעראַנט פון פאַבריקאַטן אין אַלע לענדער, וועלכע האָבן געזאָלט דערפאַר זי באַזאָרגן, מיט רויע מאַטעריאַלן.

נאָר די דאָזיקע מאָנאָפּאָל פון אײַנגלאַנד איז אונטערגעריסן געוואָרן שוין אין לעצטן פערטל פון נײַנצעטן יאָרהונדערט. ווײל אַ גאַנצע רײי אנדערע לענדער, באַוואָרנדיק זיך מיט „שוץ״-אָפּצאָלונגען, האָבן זיך אַנטוויקלט צו זעלבסטשטענדיקע קאַפּיטאַליסטישע מלוכות. אויף דער שוועל פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט זעהען מיר די אויסבילדונג פון אַן אַנדער מין מאָנאָפּאָלן: ערשטנס, פון מאָנאָפּאָליסטישע קאַפּיטאַליסטן-פאַרבאַנדן אין אַלע לענדער פון אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם; צווייטנס, פון דער מאָנאָפּאָליסטישער לאַגע פון א קליינע צאל רייכסטע לענדער, אין וועלכע דער אָנקלייב פון קאַפּיטאַל האָט דערגרייכט א געוואלטיקע גרויס. אין די אַנטוויקלטע לענדער איז אויפגעקומען אַ גרויסער „מותרות קאַפּיטאַל״.

ס'פאַרשטייט זיך, אז אויב דער קאַפּיטאַליזם וואלט אימשטאַנד געווען צו אנטוויקלען די ערד ארבעט, וועלכע איז איצט אומעטום שרעקליך אָפּגעשטאנען פון דער אינדוסטריע, אויב ער וואָלט אימשטאנד געווען אויפצוהויבן דעם לעבנסגראַד פון די באפעלקערונג מאסן, וועלכע פירן אומעטום, ניט קוקנדיק אויף דעם געוואלטיקן טעכנישן פראָגרעס, א האלב הונגעריקן און אָרעמען לעבן — דאַן וואָלט גאָר קיין רייד ניט געקענט זיין וועגן מותרות-קאַפּיטאל, און אַזא „ראיה״ ווערט טאקע גאנץ אפט געבראכט פון די קליינבירגערליכע קריטיקער פונם קאַפּיטאַליזם. נאָר דאַן וואָלט דער קאַפּיטאַליזם קיין קאַפּיטאַליזם ניט געווען, ווייל אי די אומגלייכמעסיקייט פון אנטוויקלונג אי דאס האלבהונגריקע לעבן פון די מאסן זיינען ראדיקאלע אומפארמיידליכע באדינגונגען און פאר הנחות פון דעם דאָזיקן פּראָדוקציע-אופן. כל זמן דער קאַפּיטאַליזם בלייבט קאַפּיטאַליזם, וועט דער עודף פון קאַפּיטאל פארטאָן ווערן ניט אויף אויסבעסערן דעם לעבנס-מצב פון די מאסן אין דעם געגעבענעם לאַנד, ווייל דאָס וואלט הייסן קלענער מאכן דעם רוח פון די קאַפּיטאַליסטן, נאָר ער וועט פאר-טאָן ווערן אויף העכערן דעם ריווח דורך דעם עקספּאָרט פון

קאפיטאל קיין אויסלאנד אין די אפגעשטאנעגע לענדער. אין די דאזיקע אפגעשטאנענע לענדער איז דער רוח · געוויינטליך א הויכער, ווייל קאַפּיטאלן זיינען פאראן ווייניק. דער מקח אויף עסן איז לפי ערך א נידעריקער. די שכירות קליינע, רויע מא־טעריאלן זיינען ביליק. די מעגליכקייט צו עקספּאָרטירן קאפיטאל ווערט געשאפן דורך דעם, וואס א ריי פון די איבעריקע לענדער איז שוין אריינגעצויגן אין דעם קרייז פונם וועלט-קאפיטאַליזם, ס'זיינען דורכגעפירט געוואָרן אדער על כל פנים אָנגעמערקט געווארן די הויפט־ליניעס פון אייזענבאנען, ס'זיינען גאראנטירט די עלעמענטארע באדינגונגען פון דער אינדוסטריע־אנטוויקלונג און א. וו. די נויטיקייט צו עקספּאָרטירן קאפיטאל ווערט געשאפן דורך דעם, וואס אין א קלייינער צאל לענדער איז דער קאפיטא־ליזם „איבערצייטיק געווארן", און דעם קאפיטאל פעלט אויס (בא דער באדינגונג פון אפגעשטאנענקייט פון ערדא בעט און פון ארעמקייט פון די מאסן) אן ארט, וואו ער קען פארטאן ווערן מיט רוח.

אט זיינען בערכדיקע פאקטן וועגן דער גרויס פון קאפי־טאל, וואס איז פארטאן אין אויסלאנד דורך די דריי הויפט-לענ־דער [52])

דער קאפיטאַל, וואס איז פארטאן אין אויסלאנד (אין מיליארדן פראנקן)

| יאָרן | אייִנגלאַנד | פראַנקרייך | דייטשלאנד |
|---|---|---|---|
| 1862 | 3,6 | — | — |
| 1872 | 15 | 10 (1869) | — |
| 1882 | 22 | 15 (1880) | 7 |
| 1893 | 42 | 20 (1890) | ? |

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1902 | 62 | 27—37 | 12,5 |
| 1914 | 75—100 | 60 | 44. |

פון דאנעס זעהן מיר, אז גאר אין אנהויב פון צוואנציגסטן יארהונדערט האט דער עקספארט פון קאפיטאל זיך גיגאנטיש אנטוויקלט. פאר דער מלחמה האט דער קאפיטאל, וואס איז פארטאן געווען דורך די דריי הויפט-לענדער אין אויסלאנד, דערגרייכט ביז 120—175 מיליארד פראנק. די הכנסה פון דער דאזיקער סומע, לויט דער באשיידענער נארמע פון 5%, האט געזאלט זיין 8—10 מיליארד פראנק א יאר. א סאלידער פונדאמענט פאר אימפעריאליסטישער אונטערדריקונג און עקספלואטירונג פון דעם רוב פעלקער און לענדער פון דער וועלט, פארן קאפיטאליסטישן פאראזיטיזם פון א הייפעלע רייכסטע מלוכות!

אויף דער פראגע ווי אזוי ווערט דער דאזיקער אין אויסלאנד פארטאנענער קאפיטאל פארטיילט צווישן די פארשיידענע לענדער, אין וועלכע ער איז פארטאן, קען מען געבן מער ניט ווי א בערכדיקע תשובה, וועלכע איז פונדעסטוועגן אימשטאנד צו באלייכטן אייניקע אלגעמיינע פארהעלטענישן און פארבינדונגען פונם מאדערנעם אימפעריאליזם:

די וועלט-טיילן, צווישן וועלכע ס'זייגען פארטיילט (בערך) די אויסלענדישע קאפיטאלן (אין 1910-טן יאר בערך אין מיליארדן מארק):

| | איינגלאנד | פראנקרייך | דייטשלאנד | סך הכל |
|---|---|---|---|---|
| אייראפע | 4 | 23 | 18 | 45 |
| אמעריקע | 37 | 4 | 18 | 51 |
| אזיע, אפריקע, | | | | |

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| אוסטראַליען | 29 | 3 | 7 | 39 |
| סך הכל | 70 | 30 | 35 | 135 |

אין איינגלאנד שטייען אויפן ערשטן אָרט אירע קאָלאָנ-יאלע נחלאות, וואָס זיינען זעהר גרויס אויך אין אַמעריקע (קאנאַדע), למשל, ניט ריידנדיק שוין וועגן אַזיע און א. א. ד. דער גיגאַנטישער עקספּאָרט פון קאפּיטאַל איז איינגער פון אַלע צונויפגע-בונדן מיט גיגאַנטישע קאָלאָניעס, וועגן זייער באטייטונג פאַרן איטפּעריאליזם וועלן מיר נאָך שפּעטער ריידן. אַנדערש איז די זאַך אין פראַנקרייך. דאָ איז דער אויסלענדישער קאַפּיטאַל פאר-סאָן, דער עיקר, אין איירָאָפּע און קודם כל אין רוסלאַנד (ניט ווייניקער פון 10 מיליאַרד פראנק); און דערהויפּט איז עס אַ ליי-קאַפּיטאַל, מלוכה-הלואית, און ניט קיין קאַפּיטאַל, וואס איז פארטאָן אין אינדוסטריע-אונטערנעמונגען. דעם פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם קען מען צום אונטערצושייד פונם איינגלישן פונם קאלאניאַלן אימפּעריאליזם, אָנרופן וואכער-בראָצענטניש-אימפּעריאַליזם. אין דייטשלאַנד איז א דריטער מין קאַפּיטאַליזם: די קאלאניעס אירע זיינען ניט גרויס, און איר אויסלענדישער קאַ-פּיטאל איז כמעט גלייכמעסיק פארטיילט צווישן איירָאָפּע און אַמעריקע

דער עקספּאָרט פון קאַפּיטאַל ווירקט אין יענע לענדער. וואוהין ער ווערט עקספּאָרטירט, אויף די אַנטוויקלונג פונם קאַ-פּיטאַליזם, פאַרגיכערנדיק זי געוואַלטיק. און אויב דער דאָזיקער עקספּאָרט איז דעריבער גורם א וועלכן ניט איז אָפּהאַלט אין דער אנטוויקלונג פון די לענדער, וואָס עקספּאָרטירן קען עס פּאָרקו-מען נאָר אויפן חשבון פון פארברייטערונג און פארטיפונג פון צער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון קאַפּיטאַליזם אין דער גאַנ-דער וועלט.

יענע לענדער, וועלכע עקספּאָרטירן קאַפּיטאַל באַקומען כמעט שטענדיק די מעגליכקייט צו באַקומען פאַר זיך געוויסע „נוצן", און דער כאַראַקטער פון די דאָזיקע „נוצן" באַלייכט די אייגנאַרטיקייט פון דער תקופה פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל און פון די מאנאפּאָלן. אָט וואָס ס'האָט, למשל, געשריבן אין אָקטיאַבר 1913-טן יאָר דער בערלינער זשורנאַל „דער באַנק":

„אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן מאַרק פון קאַפּיטאַלן ווערט פון גאָר ניט לאַנג אָן אָפּגעשפּילט א קאָמעדיע, וועלכע איז ראוי צו באַשריבן ווערן דורך אריסטאפאנ'ן. א גאַנצע ריי פרעמדע מלוכות, פון שפּאַניען ביז די באַלקאַנען, פון רוסלאנד ביז אַר-גענטינע, בראַזיליע און כינע, טרעטן אָפן אָדער פאַרדעקט פאַר די גרויסע געלט-מערק מיט פאָדערונגען, אמאָל אויפן פעסטן אופן דרינגענ-דיקע, צו באַקומען א הלואה. דער געלט-מאַרק איז איצט ניט גאָר אין א גלענצעדיקער לאַגע, און די פּאָליטישע אויסזיכטן זיינען ווייט ניט קיין פריילעכע. נאָר קיין איינער פון די געלט-מערק וואַגט ניט אפּצוזאָגן אין דער הלואה, ווייל ער האָט מורא אַז זיין שכן וועט אים פאַרלויפן דעם וועג, וועט איינגיין אויף דער הלואה און וועט אויף אַזא אופן גאַראַנטירן פאַר זיך געוויסע זכיות פאַר דער דאָזיקער טובה. בא אַזעלכע אינטערנאַציאָנאַלע אָפּמאַכן קומט כמעט שטענדיק עפּעס אַן דעם קרעדיטאָר; א הנחה אינם האַנדלס-אָפּמאַך, א קוילן-סטאַנציע, א יפּבויען א האַפן א פעטע קאנצעסיע, א באַשטעלונג אויף האַרמאַטן" [63].

דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל האָט געשאַפן א תקופה פון מאנאָ-פּאָלן. און די מאנאָפּאָלן ברענגען אומעטום צו מאנאפּאַליסטישע יסודות: דעם אָרט פון קאנקורענץ אויפן אָפענעם מאַרק פאַרנעמט די „אויסנוצונג פון „פאַרבינדונגען" פאַר געשעפטן, וועלכע ברענ-גען גוטן רווח. א גאַנץ געוויינטלעכע זאַך: די הלואה ווערט גע-געבן מיט א תנאי, אַז א טייל פון איר זאָל גיין אויף איינקויפן פּראָדוקטן פונם לאַנד, וואָס גיט די הלואה, באַזונדער אויף איינ-קויפן פאַרשיידענע געווער, שיפן און א. וו. אין משך פון די

לעצטע צוויי יאָרצענדלינג (1890—1910) פלעגט פראַנקרייך גאנץ אָפט אָנווענדן דעם דאָזיקן מיטל. דער קאַפּיטאַלן עקספּאָרט קיין רוסלאַנד ווערט א מיטל אונטערצוהאַלטן דעם עקספּאָרט פון סחורות קיין אי. לאַנד, און בא דערביי זיינען די אָפּמאכן בפרט צווישן די גרויסע אונטערנעמונגען, א זעלכע, אז זיי גע- פינען זיך ווי ס'האָט זיך „ווייך" אויסגעדריקט שילדער אויפן גרעניץ פון „אונטערקויפן". קרופּ אין דייטשלאנד, שניידער אין פראנקרייך, ארמסטראנג אין ענגלאנד זיינען מוסטערן פון אזעל- כע פירמעס, וועלכע זיינען אייננג צוזאַמענגעבונדן מיט די גיגאַנ- טישע בענק און מיט דער רעגירונג, און וועלכע ס'איז שווער „אויסצומיידן" בעת מע מאַכט א הלואה.

פראַנקרייך האט לייענדיק געלט רוסלאַנד, זי „צוגעדריקט" אינם האנדלס-אָפּמאך פון 16-טן סעפּטעמבער 1905, און האט אויסגערעט פאַר זיך געוויסע הנחות ביזן 1917-טן יאָר. דאָס זעלביקע איז אויך מיטן האַנדלס-אָפּמאַך מיט יאַפּאַן פון 19-טן אויגוסט 1911-טן יאָר. די סחורות-אָפּצאָלונג-מלחמה צווישן עסטרייך מיט סערבי- ען, וועלכע האָט מיט א זיבן חדשים'דיקער הפסקה געדויערט, פון 1905 ביז 1911-טן יאָר איז אין א געוויסער מאָס אָרויסגע- רופן געוואָרן דורך דער קאָנקורענץ צווישן עסטרייך און פראנק- רייך אין ענין פון צושטעלן סערביען מיליטער-מאטעריאַלן, האָט דעשאַנעל אין יאַנוואַר 1912-טן יאָר געמעלדעט אין דער פּאַלאַטע, אז די פראנצויזישע פירמעס האָבן פאר די יאָרן 1911- 1908 צוגעשטעלט סערביען מיליטער-מאַטעריאלן אויף 45 מיליאָן פראנק.

אין דעם באריכט פון דעם עסטרייך-אונגארישן קאָנסול אין סאַנפּאַאילא (בראזיליע) ווערט געזאָגט: „דאָס בויען די בראַזי- לער אייזענבאַנען קומט דאָס רוב פאר אויף פראַנצויזישע, בעלגי- שע, בריטאַנישע און דייטשישע קאפּיטאלן; די דאזיקע לענדער באוואָרענען פאר זיך, בא די פינאנץ-אָפּעראַציעס, וואס זיינען צו-

נויטנעבונדן מיטן בורען די אייזנבאנען, דאס צושטעלן אייזנבאן-מאטעריאלן" [64].

דער פינאנץ קאפיטאל פארוואַרפט, אויף אזא אופן, בוכשטעבליך זיינע נעצן אין אַלע לענדער פון דער וועלט, א גרויסע ראָלע שפילן דערביי די בּאַנק, וואָס ווערן געגרינדעט אין די קאלאניעס, און זייערע אָפּטיילונגען. די דייטשישע אימפעריאַליסטן קוקן מיט קנאה אויף די „אַלטע" קאָלאָניאלע לענדער, וועלכע האָבן זיך אין דעם פּרט גאַר „גוט" באַוואָרנט. איינגלאנד האָט אין 1904-טן יאר געהאט 50 קאָלאָניאַלע בּיינק מיט 2279 אָפּטיילונגען אין (1910-טן יאָר — 72 מיט 5449 אָפּטיילונגען); פראנקרייך —20 מיט 136 אָפּטיילונגען, האלאַנד—16 מיט 48, און דייטשלאַנד „סך הכל" 13 מיט זיבעציג אָפּטיילונגען. [65]) די אַמעריקאַנער קאַפּיטאליסטן זיינען פון זייער זייט מקנא די איינגלישע און די דייטשישע: „אין דרום-אַמעריקע באַקלאָגן זיי זיך אין 1915-טן יאָר, — האָבּן 5 דייטשישע בּיינק 40 אָפּטיילונגען אין 5 איינגלישע — 70 אפטיילונגען... איינגלאנד און דייטשלאנד האבן פאר די לעצטע 25 יאר פארטאן אין ארגענטינע, בראזיליע, אורוגוואַי בערך 4 מיליארד דאלאר, און דער רעזולטאט פון דעם איז דער, וואס אין זייערע הענט געפינט זיך 40% פונם האנדל אין די דאזיקע דריי לענדער. [66]

די לענדער, וועלכע עקספּאָרטירן קאפּיטאל, האבן פיגוראַל צעטיילט צווישן זיך די וועלט. נאָר דער פינאַנץ-קאַפּיטאל האט געבראַכט צו די רעקטער צעטיילונג פון דער וועלט.

## 5, די וועלט צעטיילונג צווישן קאפּיטאליסטן-פארבאנדן.

די מאנאפּאָליסטישע קאפּיטאליסטן-פאַרבאנדן — די קאַרטעלן, סינדיקאַטן, טרעסטן — טיילן קודם, כל פאַנאַנדער צווישן זיך דעם אינערליכן מארק, פארכאַפּנדיק מער אדער ווייניקער

פולשטענדיק אין די אייגענע הענט די פראדוקציע פון דעם געגע-
בענעם לאנד. נאר ביים קאפיטאליזם איז דער אינערליכער מארק
אומפארמיידליך צונויפגעבונדן מיט דעם אויסערליכן. דער קאפי-
טאליזם האט שוין לאנג באשאפן אן אלוועלטליכן מארק, און
אויף וויפל ס'איז געוואקסן דער עקספארט פון קאפיטאל און
ס'זיינען פארברייטערט געווארן די קאלאניאלע פארבינדונגען און
די „ווירקונגס-ספערעס", פון די גרעסטע מאנאפאליסטישע פאר-
באנדן, אויף אזוי פיל איז די זאך „נאטירליך" געגאנגען צו אן
אלוועלטליכן אפמאך צווישן זיי, צו דער אויסבילדונג פון אינ-
טערנאציאנאלע קארטעלן.

דאס איז א נייע שטופע פון דער אלוועלטליכער קאנצענ-
טרירונג פונם קאפיטאל און פון דער פראדוקציע, אן אן ערך
העכערע שטופע, איידער די פריערדיקע. לאמיר א קוק טאן, ווי
אזוי די דאזיקע אויבערמאנאפאל וואקסט אויס.

די עלעקטריע אינדוסטריע איז די סאמע טיפישע פאר די
נייסטע ערפאלגן פון דער טעכניק, פארן קאפיטאליזם פון סוף
פון ניינצעטן און פון אנהויב פון צוואנציגסטן יארהונדערטס. און
מער ווי אומעטום האט זי זיך אנטוויקלט אין די צוויי סאמע
פראגרעסיווע פון די נייע קאפיטאליסטישע לענדער, אין די פאר-
אייניקטע שטאטן און אין דייטשלאנד. אין דייטשלאנד האט א בא-
זונדער שטארקע ווירקונג אויף דעם וואוקס פון קאנצענטרירונג
אין דעם דאזיקן צווייג געהאט דער קריזיס פון 1900-טן יאר. די
בינק, וועלכע זיינען שוין צו יענער צייט גענוג צונויפגעוואקסן
מיט דער אינדוסטריע האבן זעהר פארגיכערט און פארטיפט אין
דער צייט פון קריזיס דעם אונטערגאנג פון לפי ערך קליינע
אונטערנעמונגען, זיי האבן מיטגעהאלפן, אז די קליינע אונטער-
נעמונגען זאלן איינגעשלונגען ווערן דורך די גרויסע. „די
בינק,— שרייבט איידעלס, — פלעגן אפזאגן אין הילף געראדע
יענע אונטערנעמונגען, וועלכע האבן זיך באזונדער אין איר גע-
נויטיקט, און דורך דעם פלעגן זיי ארויסרופן תחילת א מורא'-

דיקע איפּבליהונג דערנאָך אין ענדגילטיגן קראַך פון יענע גע־זעלשאַפטן, וואָס זיינען ניט געווען גענוג אייננ געווען מיט זיי צונויפ־געבונדן"[67]).

דער פּועל־יוצא פון דעם איז געווען אז נאָך דעם 1901־טן יאָר איז די קאָנצענטרירונג איזעק מיט גיגאַנטישע טריט פאראויס. ביזן 1900־טן יאָר איז אין דער עלעקטרישער אינ־דוסטריע געווען זיבן אדער אַכט גרופּן אין איטליכע פון זיי איז באַשטאַנען פון עטליכע געזעלשאַפטן (א גאַנצן איז געווען 28) און הינטער פעדערער פון זיי איז געשטאַנען פון 2 ביז 11 בּאַנק צו די 1908—1912 יאָרן האָבן זיך אַז די אלע גרופּעס צונויפגעגאָסן אין צוויי אָדער אין איינע, אָט ווי אזוי ס'איז גע־גאַנגען דער דאָזיקער פּראָצעס.

ביזן 1910־טן יאָר.

| סימענס שוקערט אין קאמפ. | איניאַן | פעלטען און |
|---|---|---|
| קומער פּ לסקע | A. E. G. | גיליאם לאמייעס. |

| ס'מענס און האלסקע — בערגמאן גערא̈ץ שוקערט אין 1910־טן יאָר א קראַך | A. E. G. אלג. עלעקר.־געז | פעלטען און לאמייעס |
|---|---|---|

אין 1912־טן יאָר.

| ס'מענס אין האלסקע שוקערט. | A. E. G. אלג. עלעקר.־געז. |
|---|---|

(אין איינגע קאָרפּאָראַציע פון 1908־טן יאָר)

די באוואוסטע A. E. G, (אלגעמיינע עלעקטריציטעט-געזעלשאפט), וואס איז אויף אזא אופן אויסגעוואקסן, הערשט איבער 175—200 געזעלשאפטן און האט צעשאפן איבער א קאפיטאל פון אן ערך $1\frac{1}{2}$ מיליארד מארק, זי האט גאנצע 34 אויסלענדישע פארטס-יערשאפטן, בתוכם 12 אקציען-געזעלשאפטן, מער ווי אין צען מלוכות. נאך אין 1904-טן יאר האט מען גערעכנט, אז דער קאפיטאל, וועלכן די דייטשישע עלעקטרישע אינדוסטריע האט פארטאן אין אויסלאנד, דערגרייכט ביז 233 מיליאן מארק, פון זיי זיינען 62 מיליאן אין רוסלאנד. ס'איז איבעריק צו ריידן, אז די „א. ע. ג.“ איז א גיגאנטישע קאמבינירטע אונטערנעמונג— בלויז די צאל פון אירע פארבריצירנדיקע געזעלשאפטן איז 16— מיט א פראדוקציע פון סאמע פארשיידענע פראדוקטן, פון קאבעלן און איזאליאטארס ביז פל'ה-אפאראטן.

נאר די קאנצענטרירונג אין איירא פע איז געווען אויף א באשטאנד-טייל פון דעם קאנצענטרירונגס-פראצעס אין אמעריקע, אט ווי אזוי די זאך איז געגאנגען:

די אלגעמיינע עלעקטריציטעט-געזעלשאפט

| | | |
|---|---|---|
| אמעריקע | די קאמפ. סאמסאן הויסטאן גרינדעט א פירמע פאר איירא פע | קאמפ. עדיסאן גרינדעט פאר איירא פע א פירמע „עדיסאנס פראנצויזישע קאמפ.; וועלכע גיט איבער פאטענטן דער דייטשישער פירמע. |
| דייטשלאנד | אוניאן, א קאמפ. פאר עלעקטריציטעט | די אלג. עלעקטרי-געז. (A. E. G.) |
| | אלגעמ. עלעקטרי-געז. | (A. E. G.) |

אויף אזא אופן האבן זיך אויסגעבילדעט צוויי עלעקטרישע „מלוכות“: „קיין אנדערע גאנץ אומאפהיינגיקע פון זיי עלעקטרי-

שע געזעלשאפטן איז אויף דער וועלט ניטא", שרייבט פיינינג אין זיין ארטיקל: „דער וועג פון עלעקטרישע טרעסטן". ווען דער גרויס פונם אומלויף און וועגן דער גרויס פון די אונטערנעמונגען פון די ביידע „טרעסטן" גיבן א וועלכע ניט איז, ווייס גיט קיין פולע פארשטעלונג, פאלגענדיקע ציפער:

| | דער אומלויף פון סחורות (מיליאנען מארק.) | די צאל אנ- געשטעלטע | דער ריינער רווח (מיליאנען מארק.) |
|---|---|---|---|
| אמעריקע: אלג. עלעקטרישעקאם. (G. E. G.) | 1907—252 | 28,000 | 33,4 |
| | 1910—298 | 32,000 | 45,6 |
| דייטשלאנד: אלג. עלעקטריציטעטס-געזעלשאפט (A. E. G.) | 1907—216 | 30,700 | 14,5 |
| | 1911—362 | 60,800 | 31,5 |

און אין 1907-טן יאר איז צווישן דעם אמעריקאנער און דעם דייטשישן טרעסט געשלאסן געווארן אן אפמאך וועגן צוטיילן צווישן זיך די וועלט. די קאנקורענץ ווערט באזייטיקט. די G. E. G. „באקומט" די פאראייניקטע שטאטן און קאנאדע; די A. E. G. „באקומט" דייטשלאנד, עסטרייך, רוסלאנד, האלאנד, דענעמארק, די שווייץ, טערקיי, די באלקאנען. באזונדערע—פארשטייט זיך, געהיימע-אפמאכן זיינען געשלאסן בנוגע צו „געזעלשאפטן-טעכטער" וואס דרינגען אריין אין נייע אינדוסטריע-צווייגן און אין „נייע" פארמעל נאך ניט פאנאנדערגעטיילטע לענדער. ס'ווערט איינגעשטעלט א קעגנזייטיקער בייט מיט המצאות און עקספערימענטן [58].

ס'איז זעלבסטפארשטענדליך, ווי שווער ס'איז צו קאנקורירן מיט אט דעם, פאקטיש איינהייטליכן, אלוועלטליכן טרעסט, וואס האט אין זיין רשות א קאפיטאל פון עטליכע מיליארד פראנק, האט זיינע אפטיילונגען, פארשטייערשאפטן, אגענטורן, פארבינדונגען

און א. ה. אין אלע עקן וועלט. נאר דאס, וואס די וועלט איז צוטיילט צווישן די צוויי שטארקע טרעסטן, דאס שליסט נאך, פארשטייט זיך, נים אויס, אז זי קאן איבערגעטיילט ווערן. ווען ס׳וועלן זיך ענדערן די כוחות-פארהאלטעגישן — אדאנק דער נים גלייכמעסיקער אנטוויקלונג, אדאנק מלחמות, קראכן און א. וו.

א פוסר השכל וועגן אזא מין פרוב איבערצוטיילן, וועגן א קאמף פארן איבערטיילן, קען מען אראפנעמען בא דער נאפט-אינדוסטריע.

„דער נאפט-מארק פון דער וועלט, — האט איידעלס גע-שריבן אין 1905 יאר—, איז נאך אויך איצטער צוטיילט צווישן צוויי גרויסע פינאנץ-גרופעס צווישן ראקפעלערס „נאפט-טרעסט" (Standart oil C.) און די באלעבאטים פון דער רוסישער באקוער נאפט, ראטשילד און נאבל. ביידע גרופעס זיינען איינג צוזאמענ-געבונדן איינע מיט דער צווייטער, נאר שוין אין משך פון עטליכע יאר שטייט פאר זייער מאנאפאלער לאגע א סכנה מצד פינעף שונאים" [69]; 1) די אויסשעפונג פון די אמעריקאנער נאפט-קוואלן; 2) די קאנקורינדיקע מאנטאשעווס פירמע אין באקה; 3) די נאפט-קוואלן אין עסטרייך; 4) אין רומייניע; 5) די טראנסאקע-אנישע נאפט-קוואלן בפרט אין די האלענדישע קאלאניעס (די זעהר רייכע פירמעס סאמועל און שעלל, וועלכע זיינען צונויפגע-בונדן אויך מיט דעם איינגלישן קאפיטאל). די לעצטע דריי אונ-טערנעמונגען זיינען צונויפגעבונדן מיט די גרויסע דייטשישע ביינק מיטן גרעסטן „דייטשישן באנק" בראש. די דאזיקע ביינק האבן זעלבסטשטענדיק און פלאנמעסיק אנטוויקלט די נאפט-אינדוסטריע, למשל, אין רומייניע, כדי צו האבן אן „אייגענעם שטיץ-פונקט. אין דער רומיינישער נאפט-אינדוסטריע האט מען אין 1907-טן יאר גערעכנט 185 מיליאן פראנק אויסלענדישע קאפיטאלן, בתוכם 74 מיליאן דייטשישע [70].

ס׳האט זיךאנגעהויבן א קאמף, וועלכער טראגט טאקע אין דער עקאנאמישער ליטעראטור דעם נאמען א קאמף פאר „צוטייל

די וועלט". פון איין זייט, האט ראקפעלערס „נאפט-טרעסט", וועל-
כער האט געוואלט אלץ פארכאפן אין זיינע הענט, געגרינדעט אין
האלאנד גופא „א געזעלשאפט-טאכטער" וואס פלעגט אויפקויפן די
נאפט-קוואלן אין דער האלענדישער אינדיען און האט אויף אזא
אופן געוואלט געבן א קלאפ זיין הויפט-שונא, דעם האלענדיש-
איינגלישן טרעסט „שעלל". פון דער אנדער זייט, האבן „דער
דייטשישער באנק" און די איבעריקע בערלינער ביינק געשטרעבט
„איינצוהאלטן" „פאר זיך" רומייניע און פאראייניקן זי מיט רוס-
לאנד קעגן ראקפעלערן. דער לעצטער האט געהאט אין זיין רשות
א סך א גרעסערן קאפיטאל, בא אים איז בעסער ארגאניזירט גע-
ווען דער טראנספארט און דאס צושטעלן די נאפט די געברויכער.
דער קאמף האט זיך געמוזט ענדיקן און האט זיך געענדיקט אין
1907-טן יאר מיט א פולשטענדיקער מפלה פונם „דייטשישן באנק",
וועלכן ס'איז געבליבן איינס פון די ביידע: אדער ליקווידירן
מיט מיליאן היזקות זיינע „נאפט-אינטערעסן" אדער אונטערגעבן
זיך. מע האט אויסגעקליבן דאס לעצטע און מע האט געשלאסן
מיטן „נאפט-טרעסט" אן אפמאך, וואס האט שטארק ניט געלוינט
דעם „דייטשישן באנק". לויט דעם דאזיקן אפמאך, האט זיך „דער
דייטשישער באנק" מתח ב געווען, ניט פארצונעמען קיין זאך, וואס
זאל שאדן די אמעריקאנער אינטערעסן, נאר דערביי איז פונדעסט-
וועגן פאראויסגעזעהן געווארן, אז דער אפמאך פארלירט זיין
קראפט, אויב אין דייטשלאנד וועט דורכגיין א געזעץ וועגן
נאפט מאנאפאל.

דא הויבט זיך אן „די נאפט-קאמעדיע", איינער פון די
פינאנץ קיניגן פון דייטשלאנד, פאן-גווינער, דירעקטאר פונם
„דייטשישן באנק" הויבט אויף דורך זיין פריוואט-סעקרעטאר
שטויס אן אגיטאציע פאר נאפט מאנאפאל. עס ווערט געבראכט אין
באוועגונג דער גאנצער גיגאנטישער אפאראט פון דעם גרעסטן
בערלינער באנק, אלע זיינע ברייטע „פארבינדונגען", די פרעסע
האלט אין איינע „פאטריאטישע" געשרייען קעגן „דעם יאך פונם

אמעריקאנער טרעסט, און דעם 15-טן מארט 1911-טן יאר נעמט
דער רייכסטאג כמעט איינשטימיק אן א רעזאלוציע, אין וועלכער
מע לייגט פאר דער רעגירונג, זי זאל אויסארבעטן א פראעקט
וועגן נאפט-מאנאפאל. די רעגירונג האט זיך אנגעכאפט אן אט
דער „פאפולערער-אידייע", און ס'האט זיך גערוכט, אז „דער
דייטשישער באנק", וואס האט געהאט בדעת אפנארן זיין אמערי-
קאנער קאנטראגענט און מיט דער הילף פון דער מלוכה-מאנאפאל,
פארבעסערן זיינע געשעפטן, האט געוואונען די שפיל. די דייט-
שישע נאפט-קיניגן האבן שוין פאראויס גערעכנט דעם קאלאסאלן
ריווח, וואס וועט זיין נים קלענער פאר דעם ריווח פון די רוסישע
צוקער פאבריקאנטן... נאר ערשטנס, האבן זיך די דייטשישע
גרויסע בייַנק צעריסן איינער מיטן צווייטן צוליב פארנאנדערטיילן
די רויב און די „דיסקאנטא-געזעלשאפט" האט אויפגעדעקט די
אייגן אינטערעסן פונם „דייטשישן באנק"; צווייטנס, האט זיך די
רעגירונג דערשראקן פארן קאמף מיט ראקפעלערן, ווייל ס'איז
געווען א גרויסער ספק, צו וועט דייטשלאנד קריגן נאפט ערגעץ
וואו אנדערש (די פראדוקטיווקייט פון רומייניען איז זעהר א קליי-
נע); דריטנס, איז צוגעקומען די מיליארד-אסיגנירונג אויף די
מיליטערישע צוגרייטונג פון דייטשלאנד. דעם פראעקט פון
מאנאפאל האט מען אפגעלייגט. לעת עתה איז ראקפעלערס
„נאפט-טרעסט" ארויס דער זיגער פונם קאמף.

דער בערלינער זשורנאל „דער באנק" האט וועגן דעם
געשריבן, אז דייטשלאנד וואלט נאר דאן געקענט קעמפן מיטן
נאפט-טרעסט" ווען עס וואלט איינגעפירט א מאנאפאל אויף
עלעקטרישן שטראם און וואלט פארוואנדלט די וואסער-קראפט אין
ביליקע עלעקטרע. נאר,— גיסער צו,— „די עלעקטרישע מאנאפאל
וועט קומען דאן, ווען זי וועט זיין נויטיק די געברויכער; דוקא
דאן, ווען בא אונזער טיר וועט נאך אמאל שטיין דער גרויסער
קראך אין דער עלעקטרישער אינדוסטריע, און ווען יענע גיגאנטי-
שע טייערע עלעקטרישע סטאנציעס, וועלכע ווערן איצט אומעטום

אויסגעבויט דורך פריוואטע „קאנצערנען" פון דער עלעקטרישער אינדוסטריע און פאר וועלכע די דאזיקע „קאנצערנען" באקומען שוין איצט געוויסע באזונדערע מאנאפאלן פון שטעט, מלוכות און א. ז. וו. וועלן ניט זיין אימשטאנד צו ארבעטן מיט ריווח, דאן וועט מען מוזן אנהייבן אויסצונוצן די וואסער-קראפט; נאר מע וועט די ניט קענען פארוואנדלען אין ביליקע עלעקטרע אויפן מלוכה חשבון, כע וועט זי אויך מוזן איבערגעבן „דער פריוואטער מאנאפאל, וועלכע ווערט קאנטראלירט דורך דער מלוכה", ווייל די פריוואטע-אינדוסטריע האט שוין געשלאסן א ריי אפמאכן און האט אויסגערעדט פאר זיך גרויסע באלוינונגען... אזוי איז עס געווען מיט דער קאלי-מאנאפאל, אזוי איז עס איצט מיט דער נאפט מאנאפאל, אזוי וועט עס זיין מיט דער עלעקטרע-מאנאפאל. ס'איז שוין צייט, אז אונזערע מלוכה-סאציאליסטן, וואס לאזן זיך פאר בלענדן דורך שיינע פרינציפן, זאלן סוף כל סוף פארשטיין, אז אין דייטשלאנד האט זיך די מאנאפאלן קיינמאל ניט געשטעלט פאר א צוועק און האבן קיינמאל ניט געפירט צו דעם אז די געברויכער זאלן האבן עפעס נוצן אדער די מלוכה זאל באקומען על כל פנים א טייל פונם אונטערנעמער-ריווח, נאר זיי האבן בלויז געפירט צו דעם, אז די פריוואטע־אינדוסטריע, וועלכע האט שוין געהאלטן ביים באנקראטירן, זאל געהיילט ווערן אויפן מלוכה-חשבון".

אט דאס מוזן מודה זיין אפילו די בורזשואזע עקאנאמיסטן פון דייטשלאנד. מיר זעהען דא באשיימפערליך, ווי אין דער תקופה פונם פינאנץ-קאפיטאל פלעכט זיך איבער אינאיינעם די פריוואטע און די מלוכה-מאנאפאלן ווי סיי די, סיי יענע זיינען אין דער אמתן מער ניט ווי איינצלנע רינגען פונם אימפעריאליס-טישן קאמף צווישן די גרעסטע מאנאפאליסטן פאר צוטיילן צווישן זיך די וועלט.

אויך אינם האנדלס־פלאט האט דער גיגאנטישער וואוקס פון דער קאנצענטרירונג געפירט צו דער צוטיילונג פון דער וועלט. אין

דייטשלאנד האבן זיך אויסגעטיילט צוויי גרעסטע געזעלשאפטן: „האמבורג-אמעריקא“ און „דער צפון-דייטשישער לאיד“, ביידע מיט א קאפיטאל פון 200 מיליאן מארק (אקציעס און אבליגאציעס), מיט שיפן, וואס קאסטן 185—189 מיליאן מארק. פון דער אנדער זייט, האט זיך דעם ערשטן יאנואר 1903 אויסגעבילדעט דער אזוי גערופענער מארגאן-טרעסט „די אינטערנאציאנאלע קאמפאניע פאר ים-האנדל“, וועלכע פאראייניקט ניין אמעריקאנער און איינגלישע שיף קאמפאניעס, און וועלכע האט אין איר רשות א קאפיטאל פון 120 מיליאן טאלאר (480 מיליאן מארק). שוין אין 1903 יאר איז צווישן די דייטשישע ריזן און אט דעם אמעריקאנער-איינגלישן טרעסט געשלאסן געווארן אן אפמאך וועגן צוטיילן די וועלט אין צוזאמענהאנג מיט דער צוטיילונג פונם ריווח. די דייטשישע געזעלשאפטן האבן זיך אפגעזאגט פון צו קאנקורירן צווישן איינגלאנד און אמעריקע. ס'איז אינם ענין פון טראנספארט צווישן איינגלאנד און אמעריקע. ס'איז גענוי פעסטגעשטעלט געווארן וואס פארא האפנס ווער „באקומט“, ס'איז געשאפן געווארן א געמיינזאמער קאנטראל-קאמיטעט און א. וו. דער אפמאך איז געשלאסן געווארן אויף צוואנציג יאר, מיט אן אויסרייד, אז ער פארלירט זיין קראפט אין פאל פון א מלחמה [37].

זעהר באלערעדיק איז אויך די געשיכטע, ווי אזוי ס'האט זיך אויסגעבילדעט דער אינטערנאציאנאלער רעלסן-קארטעל. דעם ערשטן פרוב צו גרינדן אזא קארטעל האבן די איינגלישע, בעלגישע און דייטשישע רעלסן-פאבריקן געמאכט נאך אין 1834-טן יאר, אין דער צייט פון דער שטארקסטער דעפרעסיע אין דער אינדוסטריע. מע איז איינגעגאנגען ניט צו קאנקורירן אויף דעם אינערליכן מארק פון די לענדער. וואס האבן געמאכט צווישן זיך א פשרה און אויף צו צוטיילן צווישן זיך דעם אויסערליכן מארק לויט דער נארמע: 66 %—איינגלאנד, 27 % דייטשלאנד און 17% בעלגיע. אינדיע איז אינגאנצן אפגעגעבן געווארן איינגלאנד. קעגן איין איינגלישער פירמע, וועלכע איז ניט צוגעשטאנען צום אפמאך,

האט מען אנגעהויבן געמיינזאם פירן א מלחמה, די הוצאות אויף דער דאזיקער מלחמה האט מען בעדעקט דורך א געוויסן פראצענט פון די אלגעמיינע געשעפטן. נאר אין 1886-טן יאר איז דער דאזיקער פארבאנד צעפאלן געווארן, ווען פון אים זיינען ארויסגע־טראטן צוויי איינגלישע פירמעס. כאראקטעריש איז, וואס סיהאט זיך ניט איינגעגעבן קומען צו אן אויסגלייך אין די שפעטערדיקע פעריאדן פון אויפבליהונג אין דער אינדוסטריע.

אין אנהויב אין 1904-טן יאר איז געגרינדעט געווארן דער שטאל-טרעסט פון דייטשלאנד; אין נאיאבר 1904-טן יאר איז באניִיט געווארן דער אינטערנאציאנאלער רעלסן-קארטעל לויט די נארמעס: איינגלאנד—53,5%, דייטשלאנד — 28,83%, בעלגיען 17,67%, דערנאך איז צוגעשטאנען פראנקרייך מיט דער נארמע 4,8%, 5,8% און 6,4% אויף דאס ערשטע, צווייטע און דריטע יאר בא העכער פאר הונדערט פראצענט, דאס הייסט, בא דער אל־געמיינער סומע פון 104,8% און א. וו. אין 1905-טן יאר איז צו־געשטאנען „דער שטאל-טרעסט" פון די פאראייניקטע שטאטן („די שטאל-קארפאראציע"), דערנאך עסטרייך און שפאניען „אין דעם געגעבענעם מאמענט, האט אין 1910-טן יאר געשריבן פאנעל־שטיין — איז שוין פארענדיקט די צוטיילונג פון דער ערד, און די גרויסע געברויכער, אין דער ערשטער ריי די מלוכה-אייזנבאנען, קאנען לעבן, ווי א פאעט, אין גאטס בוזעם (אויף די הימלען פון יופיטער) וויבאלד נאר די וועלט איז צוטיילט און זייערע אינ־טערעסן האט מען ניט גענומען אין באטראכט [73].

ל. מיר נאך דערמאנען דעם אינטערנאציאנאלן צין-סינדיקאט, וועלכער איז געגרינדעט געווארן אין 1909-טן יאר און וועלכער האט געענוי פארטיילט די פראדוקציע צווישן פינף גרופעס פאבריקן: דייטשישע, בעלגישע, פראנצויזישע, שפאנישע, איינגלישע; דערנאך דעם אינטערנאציאנאלן פולווער-טרעסט, אט דעם, ווי ליפמאן דריקט זיך אויס, פולשטענדיק מאדערנעם איינגן פארבאנד צווישן אלע דייטשישע פאבריקן פון אויפרייס-מאטעריאלן, וועל־

כער האט דערנאך צוזאמען מיט די אנאלאג־ש ארגאניזירטע פראַנצויזישע און אמעריקאנער דינאמיט-פאבריקן צוטיילט צווישן זיך, אזוי צו זאגן, די גאנצע וועלט״ [74].

ליפמאן האט געהאלטן, אז אין 1897=טן יאר איז אינגאנצן געווען אן ערך 40 אינטערנאציאנאלע קארטעלן, און וועלכע דייטשלאנד האט אנטייל גענומען, און אין 1910=טן יאר — אן ערך 100.

אייניקע בורזשואזע שרייבערס האבן ארויסגעזאגט די מיי־נונג, אז די אינטערנאציאנאלע קארטעלן, וואס זיינען איינער פון די מער בולטמטע אויסדריקן פון דער אינטערנאציאנאליזירונג פונם קאפיטאל, גיבן א מעגליכקייט צו האפן, אז ביים קאפיטא־ליזם וועט זיין שלום צווישן די פעלקער. די דאזיקע מיינונג איז טעארעטיש א פולשטענדיקער אומזין און פראַקטיש איז דאס א סאפיזם, א מיטל אויף א ניט ערליכן אופן צו פארטיידיקן דעם ערגסטן אפארטוניזם. די אינטערנאציאנאלע קארטעלן באווייזן, ביז וויפל ס'זיינען איצט אויסגעוואקסן די קאפיטאליסטישע מא־נאפאלן און צוליב וואס עס פירט זיך א קאמף צווישן די קאפיטאליסטן=פארבאנדן. אט דער לעצטער אומשטאנד איז דער וויכטיקסטער; נאר ער מאכט אונז קלאר דעם היסטאריש־עקאנא־מישן זין פון דעם, וואס עס קומט פאר, ווייל די פארם פון קאמף קאן זיך ענדערן און ענדערט זיך שטענדיק אין אפהאנג פון פארשיידענע, לפי ערך פריוואטע און צייטווייליקע כיבית; אבער דער תוך פונם קאמף, זיין קלאסן אינהאלט קאן זיך ניט ענדערן, כל זמן עס עקזיסטירן קלאסן. ס'פארשטייט זיך, אז דער דייטשישער, למשל בורזשואזיע לוינט פארשמירן דעם אינהאלט פון דעם איצטערדיקן עקאנאמישן קאמף (די צוטיי־לינג פון דער וועלט) און אונטערשטרייכן אמאל די, אמאל יענע פארם פון דעם דאזיקן קאמף. דעם זעלביקן טעות באגייט קאאוטסקי. און עס האנדלט זיך, פארשטייט זיך, ניט וועגן דער דייטשישער, נאר וועגן דער אלוועלטליכער בורזשואזיע, און

ניט דערפאר טיילן די קאפיטאליסטן צווישן זיך די וועלט, ווייל זיי זיינען זעהר שלעכטע מענטשן, נאר דערפאר, ווייל די דער-גרייכטע מדרגה פון קאנצענטרירונג צווינגט זיי צוגיין מיט דעם דאזיקן וועג כדי צו באקומען ריווח; און זיי טיילן די וועלט „לויטן קאפיטאל“, „לויט דעם כח“ — קיין אנדער מיטל קען ניט זיין אין דער סיסטעם פון סחורות-פראדוקציע און פון קאפיטאליזם. דער כח אבער בייט זיך אין אפהאנג פון דער עקאנאמישער און פאליטישער אנטוויקלונג; כדי צו פארשטיין דאס וואס ס'קומט פאר, דארף מען וויסן, וואס פאר פראגן ווערן געלייזט דורך דער ענדערונג פונם כח, אין די פראגע, צי זיינען די דאזיקע ענדערונגען „ריין-עקאנאמישע“ אדער „אויסער-עקאנאמישע“ (מיליטערישע, למשל), דאס האט שוין א קלענערע באטייטונג, און דאס קען גארנישט ניט ענדערן אין די גרונט-אנשויאונגען אויף די נייסטע תקופה פונם קאפיטאליזם. פארבייטן די פראגע וועגן דעם איינהאלט פונם קאמף און פון די אפמאכן צווישן די קאפיטאליסטן-פארבאנדן מיט דער פראגע וועגן דער פארם פונם קאמף און פון די אפמאכן (וואס קאן היינט פארקומען אויף א פרידליכן אופן, מארגן — אויף א ניט פרידליכן, איבערמארגן — ווידער אויף א פרידליכן) דאס הייסט ארייננפאלן אין דער ראל פון א סאפיזם.

די תקופה פונם נייסטן קאפיטאליזם באווייזט אונז, אז צווישן די קאפיטאליסטן-פארבאנדן בילדן זיך געוויסע פארהעלטענישן אויפן באדן פון עקאנאמישן צוטיילן די וועלט, און גלייך מיט דעם, אין צוזאמענהאנג מיט דעם, בילדן זיך אויס צווישן די פאליטישע פארבאנדן, צווישן די מלוכות, געוויסע פארהעלטענישן אויפן באדן פון טעריטאריאלן צוטיילן די וועלט, פון א קאמף פאר קאלאניעס, „פון א קאמף פאר א ווירטשאפטליכע טעריטאריע“.

## 6. די וועלט צוטיילונג צווישן די גרויסע מלוכות.

דער געאגראף א. סופאן פירט אונטער אין זיין בוך, וועגן „דער טעריטאריאלער אנטוויקלונג פון די אייראפּייאישע קאלא־ ניעס" [76]). אזא קורצן סך הכל פון דער דאזיקער אנטוויקלונג צום סוף פון ניינצעטן יאר הונדערט :

דער פּראצענט פון ערד־שטח, וואס געהערט צו די איירא־ פּייאישע קאלאניאלע מלוכות (ובתוכם אויך די פאראייניקטע שטאטן) :

| | 1876־טער יאר | 1900־טער יאר | פארגרעסערונג אויף |
|---|---|---|---|
| אין אפריקע | 10,8% | 90,4% | + 79.6% |
| אין פּאלינעזיע | 56.8 ,, | 98,9 | + 42,1 ,, |
| אין אזיע | 51,5 | 56,5 | + 5 |
| אין אויסטראליע | 100,0 | 100,0 | — |
| אין אמעריקע | 27,5 | 27,2 | — 0,3 |

„דער כאראקטעריסטישער שטריך פון דעם דאזיקן פּעריאד־ מאכט ער דעם אויספיר—איז, הייסט עס, די צוטיילונג פון אפריקע און פון פאלינעזיען" הויות וויי אין אזיען און אין אמעריקע איז נישא קיין ניט פארנומענע ערד־פּלעצער, דאס הייסט אזעלכע, וועלכע זאלן ניט געהערן צו קיין איין מלוכה, מוז מען פארברייטערן סופאנס אויספיר און זאגן, אז דער כאראקטעריסטישער שטריך פון דעם פּעריאד וועלכער ווערט באטראכט, איז די ענדגילטיקע צוטיילונג פון דער וועלט, די ענדגילטיקע נים אין דעם זין, אז

ס'זאל ווערן אומעגליך א איבערשטיילונג—פארקערט, איבערטיילונגען זיינען מעגליך און אומפארמיידליך — נאר אין דעם זין, אז די קאלאניאלע פאליטיק פון די קאפיטאליסטישע לענדער האט פארענדיקט דאס פארכאפן די ניט פארנומענע ערד־פלעצער אויף אונזער פלאנעט. די וועלט איז דאס ערשטע מאל צוטיילט געווארן. און אויף ווייטער שטייט פאר מער נ ט ווי א איבערטיילונג, דאס הייסט, אן איבערגאנג פון איין „באלעבאס" צום צווייטן און ניט פון א צושטאנד פון גאר אן א באלעבאס צו א באלעבאס.

מיר, לעבן, הייסט עס, איבער אן אייגנארטיקע תקופה פון אן אלוועלטליך־קאלאניאלער פאליטיק, וועלכע איז אויפן אייגנסטן אופן צוזאמענגעבונדן מיט דער „נייסטער שטופע אין דער אנטוויקלונג פונם קאפיטאליזם", מיטן פינאנץ קאפיטאל. דעריבער מוז מען זיך קודם כל געניער אפשטעלן אויף די פאקטישע מאטעריאלן, כדי מעגליך פונקטליכער קלאר צו מאכן, מיט וואס שיידט זיך אונטער אט די תקופה פון די פריערדיקע, און אויך קלאר מאכן די לאגע פון דער זאך בא היינטיקער צייט. דא קומען קודם כל אויף צוויי פאקטישע פראגן: צי באמערקט זיך א פארשטארקונג פון דער קאלאניאלער פאליטיק, א פארשארפונג פונם קאמף פאר קאלאניעס דווקא אט אין דער תקופה פון פינאנץ-קאפיטאל, און ווי אזוי איז אין דעם פרט צוטיילט בא היינטיקער צייט די וועלט.

דער אמעריקאנער שרייבער מאריס מאכט אין זיין בוך וועגן דער קאלאניזאציע־געשיכטע א פרוב אונטערצופירן די ציפערן וועגן דער גרויס פון די קאלאניאלע נחלאות פון איינגלאנד, פראנקרייך און דייטשלאנד פאר פארשיידענע פעריאדן פון נייצעטן יארהונדערט, אט זיינען בקיצור די סך הכלס, וואס ער האט באקומען.

## די גרויס פון קאלאניאלע נחלאות.

| | איינגלאנד | | פראנקרייך | | דייטשלאנד | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | דער שטח קוואדר. מיילן | באפעלקערונג מיליאנען | דער שטח מיל. קוו. דר. מיילן | באפעלקערונג מיליאנען | דער שטח קוואדר. מיילן | באפעלקערונג מיליאנען |
| 1815-30 | ? | 1264 | 0,20 | 0,5 | — | — |
| 1860 | 2,5 | 145,1 | 0,2 | 3,4 | — | — |
| 1880 | 7,7 | 267,9 | 0,7 | 7,5 | — | — |
| 1899 | 9,3 | 309,0 | 3,7 | 56,4 | 1,0 | 14,0 |

פאר איינגלאנד זיינען די 1860—1880 יארן **א פעריאד פון** קאלאסאלער פארשטארקונג פון קאלאניאלע **פארכאפונגען און די** לעצטע יאר צוואנציק פונם נייצעטן יארהונדערט א פעריאד פון קלענערע, נאר אויך זעהר באטרעפליכע פארכאפונגען. **פאר** פראנקרייך און דייטשלאנד איז דער דאזיקער יאר **צוואנציק גע**־ראדע דער פעריאד פון די גרעסטע פארכאפונגען.

אויבן האבן מיר געזעהן, אז דער פעריאד **פון העכסטער** אנטוויקלונג פונם פאר־מאנאפאליסטישן קאפיטאליזם **פונם קאפי**־טאליזם מיט דער איבערוואג פון פרייער קאנקורענץ, **קומט אויס** אויף די 1860 קער און 1870 קער יארן. **איצט זעהען** מיר, **אז** טאקע נאך אט דעם פעריאד הויבט זיך אן **א קאלא**־סאלע „איבערבליהונג" פון קאלאניאלע פארכאפונגען, ס'ווערט **אין** **א** געוואלטיקער מאס פארשארפט דער קאמף פאר די **טעריטאריאלע** צוטיילונג פון דער וועלט. הלי ספק איז, בכן, **דער פאקט, אז** **דער איבערגאנג** פונם קאפיטאליזם **צו דער שטופע פונם מאנא**־

פּאליטישן קאפּיטאליזם, צום פינאנץ־קאפּיטאליזם, איז צונויפ־געבונדן מיט דער פארשארפונג פונם קאמף פאר די צוטיילונג פון דער וועלט.

אין זיין ווערק וועגן אימפּעריאליזם טיילט האבסאן אויס די תקופה פון 1884—1900 יארן, ווי א תקופה פון שטארקער עקספּאנסיע (פארברייטערונג פון די טעריטאריעס) פון די אייראָ־פּייאישע הויפּט־מלוכות. לויט זיין חשבון האט איינגלאנד פאר דער צייט באקומען 2,7 מיליאן קוואדראט מייל מיט א באפעלקערונג פון 57 מיליאן; פראנקרייך האט באקומען 3,6 מיליאן קוואדראט מייל מיט א באפעלקערונג פון 36 מיליאן; דייטשלאנד — 1,0 מיליאן קוואדראט־מייל מיט א באפעלקערונג פון 14,7 מיליאן בעלגיען — 900 טויזנט קוו. מ. מיט 30 מיליאן, פארטוגאליע — 800 טויזנט קוו. מ. מיט 9 מיליאן. די יאגענעש מצד אלע קאפּיטאליסטישע מלוכות נאך קאלאניעס צום סוף פון ניינצעטן יארהונדערט, בפרט פון די 1880־קער יארן שטעלט מיט זיך פאר אן אלגעמיין באוואוסטן פאקט פון דער געשיכטע פון דער דיפּלאמאטיע און פון דער אויסערליכער פּאליטיק.

אין דער עפּאכע פון דער העכסטער בליהונג פון דער פרייער קאנקורענץ אין איינגלאנד, אין די 1840—1860־קער יארן זיינען די אנפירנדיקע בורזשואזע פּאליטיקער געווען קעגנער פון קאלאניאלער פּאליטיק, זיי האבן געהאלטן פאר אן אומפארמיידליכע און א נוצליכע זאך די באפרייאונג פון די קאלאניעס, זייער פולשטענדיקע אפּטיילונג פון איינגלאנד. אין זיין ארטיקל, וועגן „דעם נייסטן איינגלישן אימפּעריאליזם", וואס איז ארויס אין 1898 יאר, ווייזט מ. בער אן, ווי אין 1852־טן יאר האט אזא מלוכה־טוער פון איינגלאנד, ווי דיזראעלי, וועלכער איז בכלל געווייהנט צום אימפּעריאליזם, געזאגט: „די קאלאניעס זיינען מילשטיינער אויף אונזער האלז", און צום סוף פון ניינצעטן יארהונדערט זיינען די העלדן פון איינגלאנד שוין געווען ססיל רינדס און דזשאזעף טשעמבערלען, וועלכע האבן אפן געפּרידיקט דעם

אימפעריאליזם און וועלכע האבן אנגעווענדט מיטן גרעסטן ציניזם די אימפעריאליסטישע פאליטיק!.

ס'איז אינטערעסאנט, אז שוין דאן איז פאר די דאזיקע אנ־פירנדיקע פאליטיקער פון דער איינגלישער בורזש אזיע קלאר געווען דער צוזאמענבונד צווישן, אזוי צו זאגן, ריין עקאנאמישע און סאציאל-פאליטישע ווארצלען. סטעפנבערג'ען האט געפריידיקט, אז דער אימפעריאליזם „איז די אמתע, קלוגע און פארעווודיקע פאליטיק" און האט באזונדער אנגעוויזן אויף יענע קאנקורענץ, מיט וועלכער איינגלאנד טרעפט זיך איצט אויף דעם וועלט מארק מצד פון דייטשלאנד, אמעריקע, בעלגיען. די הצלה איז אין דער מאנאפאלי האבן געטענהט די קאפיטאליסטן, גרינדנדיק קארטעלן, סינדיקאטן, טרעסטן. די הצלה איז אין דער מאנאפאל — האבן איבערגעחזרט די פאליטישע פירער פון דער בורזשואזיע, איילנדיק זיך צו פארכאפן די נאך ניט צוטיילטע וועלט-טיילן. און ססיל ראדס האט אין 1895-טן יאר, ווי ס'גיט איבער זיין אינטימער פריינד, דער זשורנאליסט-סטעד, געזאגט אים וועגן זיינע אימפעריאליסטישע אידייען: „איך בין נעכטן געווען אין לאנדאנער איסט ענד (אן ארבעטער קווארטאל) און איך האב באזוכט א פארזאמלונג פון ארבעטסלאזע. ווען איך האב אויסגעהערט דארט ווילדע רעדעס, וואס באשטייען פון איין געשריי: ברויט, ברויט! האב איך, גייענדיק אהיים און באקלערנדיק דאס, וואס איך האב געזען, זיך נאך מער, איידער פריער, איבערצייגט אין דער וויכטיקייט פונם אימפעריאליזם. די הייליקע אידייע איז בא מיר די לייזונג פון דער סאציאלער פראגע נעמליך: כדי צו ראטעווען פערציק מיליאן איינוואוינער פונם פאראייניקטן קיניגרייך פון א מערדיקן בירגער-קריג, מוזן מיר, קאלאניאלע פאליטיקער, פארכאפן נייע ערד-נחלאות, כדי צו באזעצן דארט דעם עודף פון דער באפעלקערונג, כדי צו באקומען נייע געביטן, וואו אפצוזעצן די סחורות, וואס ווערן אויסגעארבעט אין די פאבריקן און די מעטאל־גריבן. די אימפעריע — און דאס האב איך שטענדיק געזאגט — איז

א מאגן-פראגע. אויב איר ווילט ניט קיין בירגער-קריג, מוזט איר ווערן אימפעריאליסטן" [74]).

אזוי האט אין 1895-טן-יאר געטענהט סעסיל ראדס. א מיל-יאנער, א פינאנץ-קיניג, דער הויפט-שולדיקער פון דעם איי.גליש-בורער-קריג...

כדי צו געבן א מעגליך גענויערן בילד פון דער טעריטאר-יאלער צוטיילונג פון דער וועלט און פון די ענדערונגען, וואס זיינען אין דעם פרט פארגעקומען פאר די לעצטע יארצענדליקע, וועלן מיר אויסנוצן די סך הכלס, וואס סופאן גיט אין דעם אנגע-רופענעם ווערק בנוגע צו דער פראגע וועגן די קאלאניאלע נחלאות פון אלע מלוכות פון דער וועלט. סופאן נעמט דעם 1876-טן און דעם 1900-טן יאר; מיר וועלן נעמען דעם 1876 טן יאר, א דאטע, וואס איז אויסגעקליבן גאנץ געלונגען, ווייל גראדע צו דער צייט קען מען אין אלגעמיין האלטן, אז ס׳האט זיך פארענדיקט די אנטוויקלונג פונם מערב-אייראפייאישן קאפיטאליזם אין זיין פארמאנאפאליסטישער שטופע, און מיר וועלן נעמען דעם 1914-טן יאר, נאר דערביי וועלן מיר סופאנס ציפערן פארבייטן מיט נייערע לויט היובנערס,, געאגרפיש-סטאטיסטישע טאבעלן". סופאן נעמט אין באטראכט נאר די קאלאניעס; מיר האלטן פאר נוצליך—כדי פארצושטעלן א פולערן בילד פון דער צוטיילונג פון דער וועלט-צוגעבן אויך בקיצור ידיעות וועגן די ניט קאלאניאלע לענדער און וועגן די האלב-קאלאניעס, צו וועלכע מיר רעכע-נען צו פערסיען, כינע און טערקיי: דאס ערשטע פון די דאזיקע לענדער איז שוין כמעט אינגאנצן געווארן א קאלאניע, דאס צווייטע און דאס דריטע האלטן ביים ווערן אזוינע.

מיר באקומען אזעלכע סך הכלס:

די קאלאניאלע נחלאות פון די גרויסע מלוכות (מיליאנען קוואדראט-קילאמעטער און מיליאנען איינוואוינער).

| | 1876 | קאלאניעס 1914 | | מעטראפאליעס 1914 | | | סך הכל 1914 | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | קוואד. קיל. | איינוו. | קוו. קיל. | איינ. | קוו. קיל. | איינ. | קוו. קיל. | איינ. |
| אײנגלאנד | 22,5 | 251,9 | 33,5 | 393,5 | 0,3 | 46,5 | 33,8 | 40·8 |
| רוסלאנד | 17,0 | 15,9 | 17,4 | 33,2 | 5,4 | 136,2 | 22,8 | 169,4 |
| פראנקרייך | 0 9 | 6,0 | 10,6 | 55,5 | 0,5 | 39,6 | 11,1 | 59,1 |
| דייטשלאנד | — | — | 2,9 | 12,3 | 0,5 | 64,9 | 3,4 | 77,2 |
| פאר. שטאטן | — | — | 0,3 | 9,7 | 9,4 | 97 | 9,7 | 106,7 |
| יאפאן | — | — | 0,3 | 10,2 | 0,4 | 58 | 0,7 | 72,2 |
| זעקס מלוכות אינאײנעם | 40,4 | 273,8 | 6,5 | 52,34 | 16,5 | 437,2 | 31,3 | 960,4 |
| די קאלאניעס פון די איבעריקע מלוכות (בעלגיע, האלאנד און א. וו.) | | | | | | | 9,9 | 45,3 |
| האלב-קאלאניעס (פערסיע, כינע, טערקיי) | | | | | | | 14,5 | 361,2 |
| די איבעריקע לענדער | | | | | | | 29,0 | 38,9 |
| די גאנצע ערד | | | | | | | 33,9 | 657,01 |

מיר זעהען דא באשיימפערליך, ווי אויפן גרעניץ פונם נײַנצעטן און דעם צוואנציקסטן יארהונדערט איז „פארענדיקט געווארן" די צוטיילונג פון דער וועלט. נאך דעם 1876-טן יאר האבן זיך די קאלאניאלע נחלאות גיגאנטיש פארברייטערט; מער ווי אין אנדערהאלבן מאל, פון פערציק ביז 68 קוואדראט-קילאמעטער; דער צואוואוקס בילדעט בא די זעקס גרעסטע מלוכות 25 מיליאן קוואדראט-קילאמעטער, און אנדערהאלבן מאל מער פאר דעם שטח פון די מעטראפאליעס (מיל. 16½). דריי מלוכות האבן אין 1876-טן יאר גאר ניט געהאט קיין קאלאניעס, און די פערטע, פראנקרייך, האט כמעט ווי ניט געהאט, צום 1914-יאר האבן די דאזיקע מלוכות באקומען קאלאניעס מיט א שטח פון 14,1 מיליאן קוואדראט-קילאמעטער, דאס הייסט, אן ערך פון אנדערהאלבן מאל מער ווי דער שטח פון אייראפע, מיט א באפעלקערונג פון כמעט 100 מיליאן. זעהר גרויס איז די אומגלייכמעסיקייט אין פרט פון דער פארברייטערונג פון די קאלאניעס. אויב מע זאל, למשל, פארגלייכן פראנקרייך, דייטשלאנד און יאפאן, וועלכע שיידען זיך ווייניק אונטער איינע פון דער צווייטער לויט דער גרויס און לויט דער באפעלקערונג, וועט זיך ארויסווייזן, אז די ערשטע האט באקומען כמעט אין דריי מאל מער קאלאניעס (לויט דעם שטח) ווי די צווייטע און די דריטע אינאיינעם. נאר אויך לויט דער גרויס פונם פינאנץ-קאפיטאל איז פראנקרייך אין אנהויב פון דעם פעריאד, וועלכן מיר באטראכטן, אויך אפשר געווען דריי מאל רייכער, איידער דייטשלאנד און יאפאן אינאיינעם. א חוץ די ריין עקאנאמישע באדינגונגען, און אויפן באזיס ‒ פון די דאזיקע באדינגונגען ‒ ווירקן אויף דער גרייס פון די קאלאניעס אויך די געאגראפישע און אנדערע באדינגונגען. ווי גיך ס'איז פאר די לעצטע יארצענדליקע ניט געגאנגען די ניוועלירונג פון דער וועלט, די אויסגלייכונג פון די באדינגונגען פון ווירטשאפט און לעבן אין פארשיידענע לענדער אונטערן דרוק פון דער גרויסער אינדוסטריע, פונם אויסטויש און פונם

פינאנץ-קאפיטאל, איז פונדעסטוועגן דער חילוק נאך אלץ ניט קיין קליינער. און צווישן די זעקס אנגערופענע לענדער געפינען מיר פון איין זייט יונגע, אומגעווייגטליך גיך פראגרעסירעדיקע קאפיטאליסטישע לענדער (אמעריקא, דייטשלאנד, יאפאן); פון דער אנדער זייט לענדער פון אן אלטער קאפיטאליסטישער אנטוויקלונג, וואס האבן פאר דער לעצטער צייט אסך לאנג-זאמער פראגרעסירט, איידער די פריערדיקע (פראנקרייך און איינגלאנד); פון דער דריטער זייט—א לאנד, וואס איז אממערסטן אפגעשטאנען אין עקאנאמישן פרט (רוסלאנד), אין וועלכן דער ניי-קאפיטאליסטישער אימפעריאליזם, איז נאך, אזוי צו זאגן, ארומגעפלאכטן מיט א באזונדער געדיכטע נעץ פון פאר-קאפיטאליסטישע פארהעלטענישן.

נעבן די קאלאניעס פון די גרויסע מלוכות האבן מיר געשטעלט די קליינע קאלאניעס פון די קליינע מלוכות, וועלכע זיינען, אזוי צו זאגן, דער נאהענטסטער אביעקט פאר דער מעגליכער און ווארשיינליכער „איבערטיילונג" פון די קאלאניעס. די דאזיקע קליינע מלוכות האלטן דאס רוב איין זייערע קאלאניעס נאר אדאנק דעם, וואס צווישן די גרויסע מלוכות עקסיסטירן היפוכדיקע אינטערעסן, רייבונגען און א. וו., וועלכע דערלאזן ניט קומען צו אן אויסגלייך וועגן צוטיילן די רויב. וואס איז נוגע די „האלב-קאלאניאלע" מלוכות, שטעלן זיי פאר א מוסטער פון יענע איבערגאנגס-פארמען, וואס באגעגענען זיך אין אלע געביטן פון דער נאטור און פון דער געזעלשאפט. דער פינאנץ-קאפיטאל איז אזא גרויסער, מע קען זאגן, א באשליסנדיקער כוח אין אלע עקאנאמישע און אין אלע צווישנפעלקערשע פארהעלטענישן, אז ער איז בכוח צו אונטערטעניק מאכן פאר זיך, און ער מאכט טאקע אונטערטעניק, אפילו מלוכות, וואס זיינען פאליטיש פולשטענדיק אומאפהייגיק: מיר וועלן באלד זעהן ביישפילן פון דעם. נאר ס'פארשטייט זיך, אז די גרעסטע „באקוועמליכקייטן" און די

גרעסטע נוצן ברענגט דעם פינאנץ-קאפיטאל אזא אונטערטעני-
קייט, בא וועלכער די אונטערטעניקע לענדער און פעלקער פאר-
לירן זייער פאליטישע אומאפהענגיקייט. די האלב קאלאניאלע
לענדער זיינען טיפיש, ווי א „מיטל" אין דעם פרט. ס'איז פאר-
שטענדליך, אז אין דער תקופה פונם פינאנץ-קאפיטאל, ווען
די איבעריקע וועלט איז שוין צוטיילט, מוז בפרט פארשארפט
ווערן דער קאמף פאר אט די האלב אפהענגיקע לענדער.

די קאלאניאלע פאליטיק און דער אימפעריאליזם האבן
עקזיסטירט אויך פאר דער נייסטער שטופע פונם קאפיטאליזם
און אפילו פאר דעם קאפיטאל זב. רוים, וועלכער איז געווען
געגרינדעט אויף קנעכטשאפט, האט געפירט א קאלאניאלע פא-
ליטיק און האט פארווירקליכט דעם אימפעריאליזם. נאר „אל-
געמיינע" סברות וועגן אימפעריאליזם, וועלכע פארגעסן אדער
וועלכע רוקן אפ אויפן הינטער-פלאן דעם ראדיקאלן אונטערשייד
אין די געזעלשאפטליך-עקאנאמישע פארמאציעס, ווערן אומפאר-
מיידליך פארוואנדלט אין פוסטע באנאליטעטן אדער שטותערייע-
ען, ווי א שטייגער דער פארגלייך „צווישן דעם גרויסן רוים
און דער גרויסער בריטאניע" [97]. אפילו די קאפיטאליסטישע קא-
לאניאלע פאליטיק פון די פריערדיקע קאפיטאליזם-שטופעס
שיידעט זיך גרינטליך אונטער פון דער קאלאניאלער פאליטיק
פונם פינאנץ-קאפיטאל.

די גרונט-באזונדערקייט פון דעם נייסטן קאפיטאליזם
באשטייט אין דער הערשאפט פון מאנאפאליסטישע פארבאנדן
פון די גרעסטע אונטערנעמער. אזעלכע מאנאפאלן זיינען א סך
פעסטער, ווען ס'ווערן פארכאפט אין איינע הענט א לע קוואלן
פון רוי-מאטעריאלן, און מיר האבן געזעהן מיטוואס פאר א
התמדה די אינטערנאציאנאלע קאפיטאליסטן פארבאנדן ארבעטן
כדי ארויסצורייסן ביים קעגנער יעדע מעגליכקייט פון קאנקו-
רענץ, כדי איינצוקויפן, למשל, די אייזנגרובן אדער די נאפט-

קוואלן און א. וו. נאר דאס באזיצן קאלאניעס באווארנט דעם ערפאלג פון די מאנאפאלן קעגן אלערליי צופעליקייטן אינם קאמף מיטן קעגנער, קעגן אפילו אזא צופעליקייט, ווען דער קעגנער וויל זיך פארטיידיקן מיט א געזעץ פון מלוכה-מאנאפאל. וואס העכער ס׳שטייט די אנטוויקלונג פונם קאפיטאליזם, וואס שטאר- קער ס׳פילט זיך דער מאנגל אין רוי־מאטעריאלן, וואס שארפער ס׳איז די קאנקורענץ און די יאגעניש נאך קוואלן פון רוי מאטעריי־ אלן אין דער גאנצער וועלט, אלץ מוראדיקער איז דער קאמף פאר באקומען קאלאניעס.

„מע קען ארויסזאגן א מייגונג, — שרייבט שילדער, — וועלכע אייניקע וועלן, אפשר, האלטן פאר א פאראדאקסאלע, נעמליך: אז דער וואוקס פון דער שטאטישער און אינדוסטריעלער באפעל- קערונג וועט אין דער מער אדער ווייניקער נאהענטער צוקונפט א סך גיכער טרעפן א מניעה אין דעם מאנגל פון רוי-מאטעריאלן פאר דער אינדוסטריע, איידער אין דעם מאנגל פון דערנערונג- פראדוקטן, אזוי ווערט, למשל, פארשארפט דער מאנגל אין האלץ, וואס ווערט אלץ טייערער, אין פעל, אין רוי־מאטעריאלן פאר דער טעקסטיל-אינדוסטריע. די אינדוסטריע-פארבאנדן פרובן שאפן א גלייכגעוויכט צווישן דער לאנדווירטשאפט און דער אינ- דוסטריע אין די גרעניצן פון דער גאנצער וועלט ווירטשאפט; ווי אביישפיל קען מען אנרופן דעם עקזיסטירעדיקן פון 1904-יאר פאר־ באנד פון די פאראיינען פון די פאפיר-פאבריקאנטן אין עטליכע וויכטיקסטע אינדוסטריעלע מלוכות, דערנאך דעם לויט זיין מוסטער געגרינדעטן אין 1910-טן יאר פארבאנד פון די אייראפיי- אישע פאראייניגן פון ליינשפינערייי [80].

ס׳פארשטייט זיך, אז די בורזשואזע רעפארמיסטן פרובן אפשוואכן די באטייטונג פון אט די פאקטן מיט די אנווייזונגען אויף דעם, אז „ס׳וואלט מעגליך״ געווען צו באקומען רויען מא- טעריאל אויפן פרייען מארק אן „דער טייערער-און געפערליכער קאלאניאלער פאליטיק, אז „מע קען״ בכלל גיגאנטיש פארגרע-

סערן דעם אנבאם פון רויע מאטעריאלן דורכן פשוטן פאר־בעסערן פון די באדינגונגען פון דער לאנדווירטשאפט. בכלל נאר אזעלכע אנווייזונגען טארווא נדלען זיך אין אן אפאלאגעטיק פונט אימפעריאליזם, אין א צופוצן אים, ווייל זיי זיינען געגרינדעט אויף דעם, וואר מע פארגעסט די הויפט-באזונדערקייט פון דעם גייסטן קאפיטאליזם: די מאנאפאלן. דער פרייער מארק גייט אלץ מער אריבער אין עבר, די מאנאפאליסטישע סינדיקאטן און טרעסטן באכן אים מיט יעדן טאג אלץ קלענער, און די „פשוטע" פארבעסערונג פון די לאנדווירטשאפט באדינגונגען ווענט זיך אויסלאזן מיט דער אויסבעסערונג פון דער לאגע פון די מאסן, מיט העכערן די שכירות, און מיט דער פארקלענערונג פונם ריוח. און וואו זשע, א חוץ דער פאנטאזיע פון די רעפארמיסטן, זיינען עס פאראן אזעלכע טרעסטן, וועלכע זאלן זארגן וועגן דער לאגע פון די מאסן אנשטאט איינצונעמען קאלאניעס?

פארן פינאנץ-קאפיטאל האבן א באטייטונג די ניט נאר שוין געפונענע קוואלן פון רויע מאטעריאלן, נאר אויך די מעגליכע קוואלן, ווייל די טעכניק אנטוויקלט זיך אין אונזערע צייטן מיט אן אומגעהייערער גיכקייט, און דאס שטיק ערד, וואס טויג ניט היינט, וועט טויגן מארגן, אויב ס'וועלן אויסגעפונען ווערן נייע מעטאדן (און דער גרויסער באנק קאן צוליב דעם אויסריכטן אן עקספעדיציע פון אינזשענערן, אגראנאמען און א. וו.), אויב ס'וועט אריינגעלייגט ווערן א גרויסער קאפיטאל. דאס זעלבע איז אויך בנוגע צו אויסזוכונגען פון מינעראל-רייכקייטן, צו נייע צוגנים אויף צו באארבעטן און אוטיליזירן די אדער יענע רויע מאטעריאלן און א. וו. פון דאנען נעמט זיך די אומפארמייד־ליכע שטרעבונג פונם פינאנץ-קאפיטאל צו פארברייטערן די ווירטשאפטליכע טעריטאריע און אפילו בכלל די טעריטאריע. פונקט ווי די טרעסטן קאפיטאליזירן זייער פארמעגן לויט א צווייפאכער אדער דרייפאכער אפשאצונג, נעמענדיק אין חשבון

„די מעגליכע" אין דער צוקונפט (און ניט די איצטיקע) ריוחים, נעמענדיק אין חשבון די ווייטערדיקע „רעזולטאטן פון דער מאנא-פאלי, אזוי שטר בט בכלל אויף דער פינאנץ-קאפיטאל צו פאר-כאפן וואס מער שטיקער ערד, וועלכע ניט איז, וואו ניט איז און אויף וואס פארא ניס איז אופן, נעמענדיק אין חשבון די מעג-ליכע קוואלן פון רויע מאטעריאלן, מורא האבנדיק אפצושטיין אין דעם מוראדיקן קאמף פאר די לעצטע שטיקלאך פון דער נאך ניט צוטיילטער וועלט אדער פאר דער איבערטיילונג פון די שטיקלאך, וואס זיינען שוין צוטיילט געווארן.

די איינגלישע קאפיטאליסטן זעהען מיט אלע מיטלען צו אנטוויקלען די פראדוקציע פון בייוול אין זייער קאלאניע אין עגיפטן (אין 1904-טן יאר איז פון 2,3 מיליאן העקטארס באארבעטער ערד 0,6 מיליאן, דאס הייסט העכער א פערטל, געווען שוין פארזייט מיט בייוול) די רוסישע אין זייער קאלא-ניע אין טורקעסטאן, ווייל אויף אזא אופן איז זיי לייכטער ביי-צוקומען זייערע אויסלענדישע קאנקורענטן, אויף אזא אופן קע-נען זיי גיכער קומען צו דער מאנאפאליזירונג פון די קוואלן רויע מאטעריאלן, אויף אזא אופן וועלן זיי גיכער שאפן א מער עקאנאמען און מער הכנסהדיקן טעקסטיל-טרעסט, א טרעסט מיט א „קאמבינירטער" פראדוקציע, מיט א קאנצענטרירונג אין איין האנט אלע שטופן פון דער פראדוקציע און פון באארבעטונג

אויך די אינטערעסן פון קאפיטאל-עקספארט צוואונגען איינצונעמען קאלאניעס, ווייל אויפן קאלאניאלן מארק איז גרינגער (און אמאל איז עס דאס איינציקע מעגליכע ארט) צו באזייטיקן אויף מאנאפאליסטישע אופנים דעם קאנקורענט, צו באווארענען פאר זיך די ליפערונג. צו באפעסטיקן די אנטשפרעכעדיקע „פאר-בינדונגען" און א. וו.

דער אויסער-עקאנאמישער איבערבוי, וואס וואקסט אויס אויפן יסוד פון פינאנץ-קאפיטאל, זיין פאליטיק, זיין אידעאלאגיע

פאַרשטארקן די שטרעבונג צו קאָלאָניאַלע איינגעמונגען „דער פי-נאַנץ-קאַפּיטאַל וויל ניט קיין פרייהייט, נאָר הערשאַפט" — זאָגט מיט רעכט הילפערדינג. אין איין פראַנצויזישער בורזשואזער שרייבער, כמו אַנטוויקלענדיק און דערגענצנדיק פעסיל ראָד'ס געדאנקען, וועלכע מיר האָבן אויבן געבראכט, שרייבט, אַז די עקאָנאָמישע סיבות פון דער איצטיקער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק דארף מען נאָך צוגעבן סאָציאַלע סיבות: „מחמת דער וואַקסנדיקער קאָמפּליצירט-קייט פונם לעבן, מחמת דער קאָמפּליצירטקייט און שווערקייט, וואָס דריקט ניט נאָר די אַרבעטער-מאַסן, נאָר אויך די מיטל-קלאַסן, קלייבן זיך אָן אין אַלע לענדער פון דער אַלטער ציוויליזאַציע, אומגעדולד, אויפרעגונג, האַס, וועלכע שטעלן פאָר אַ סכנה פאַר דער געזעלשאַפטליכער רוהיקייט; מע מוז געפינען, וואו אָנ-צווענדן די ענערגיע, וואס ווערט ארויסגעשטופּט פון איר באַ-שטימטע קלאַסן-ליניע מע מוז זי מיט עפּעס פאַרנעמען מחוץ-לאַרץ, כדי עס זאָל ניט פאָרקומען קיין אויפרייס אינעווייניק[18])."

אויב ס'האַנדלט זיך פון דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק פון דער תקופה פונם קאַפּיטאַליסטישן אימפּעריאַליזם, מוז מען אָנ-מערקן, אַז דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל און די אים אנטשפּרעכנדיקע אינטערנאציאָנאלע פּאָליטיק, וואס דריקט זיך אויס אינם קאמף פון די גרויסע מלוכות פאַר די עקאָנאָמישע און פּאָליטישע צו-טיילונג פון דער וועלט, שאַפן אַ גאנצע ריי איבערגאַנגס-פאָרמען פון מלוכה-אפהייגיקייט. פאַר דער דאָזיקער תקופה זיינען טיפּיש ניט נאָר די צוויי גרונט-גרופּעס לענדער, די וואס האבן קאלאניעס און די קאָלאָניעס, נאר אויך פארשיידנארטיקע פארמען פון אפהיינגיקע לענדער, וועלכע זיינען פאָרמעל פּאָליטיש זעלבסט-שטענדיק, נאר זיינען פאקטיש ארומגעפּלאנטערט מיט אַ נעץ פון פינאנציעלער און דיפּלאמאטישער אפהיינגיקייט. איינע פון די דאזיקע פארמען — האלב-קאלאניעס — האבן מיר שוין אָנ-געוויזן אויבן. ווי אויך אַ מוסטער פון דער צווייטער פארמע, קען מען אנווייזן למשל אויף ארגענטינע.

„דרום-אמעריקע, בפרט ארגענטינע, — שרייבט שולצע-הע-ווערניץ אין זיין ווערק וועגן דעם בריטאַנישן אימפּעריאַליזם, — געפינט זיך אין אַזאַ פינאַנציעלער אָפּהייגיקייט פון לאָנדאָן, אַז מע דאַרף זי כמעט אָנרופן אַן איינגלישע האנדלס-קאָלאָניע“[82]). די קאפּיטאַלן, וואס ענגלאַנד האָט פאַרטאָן אין אַרגענטינע, באַשטימט שילדער, לויט די ידיעות, וואס עס גיט דער עסטרייך-אונגאַרישער קאָנסול אין בוענאָס-איירעס פארן 1909-טן יאָר אין $8^3/_4$ מיליאַרד פראַנק, ס'איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלן, וואס פאַ־אַ פעסטע פארבינדונגען ס'באקומט אַדאַנק דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל (און זיין געטרייער פריינט — די דיפּלאָמאַטיע) פון איינגלאַנד מיט דער בורזשואַזיע פון אַרגענטינע, מיט די אָנפירנדיקע קרייזן פון איר גאנצן עקאָנאָמישן און פּאָליטישן לעבן.

א ביסל אַן אַנדער פאָרם פון פינאַנציעלער און דיפּלאָמאַטישער אָפּהייניגקייט בא פּאָליטישער אומאָפּהייניגקייט גיט אונז פּאָרטוגאַל. / פּאָרטוגאַל איז אַ זעלבסטשטענדיקע סוּווערענע מלוכה, נאר פאַקטיש געפינט זי זיך אין א משך פון מער ווי 200-יאָר, צייט דער מלחמה פאר דער שפּאַנישער ירושה (1700-1714) אונטערן פּראָטעקטאָראַט פון ענגלאנד. כדי צו באפעסטיקן זיין פּאָזיציע אינם קאמף מיט די קעגנער, מיט שפּאַניען און פראנקרייך, האט ענגלאנד פארטיידיקט פּאָרטוגאל און אירע קאָלאָניעס. פאר דעם האט ענגלאנד באקומען הנחות אינם האנדל, בעסערע באדינגונגען אויף ארויסצופירן סחורות און בפרט פאר ארויספירן קאפּיטאל קיין פּארטוגאל און אין אירע קאָלאָניעס, א מעגליכקייט צו באנוצן זיך מיט די האפנס און מיט די אינזלען פון פּאָרטוגאל, מיט אירע קאַבעלן און א. וו.[83]), שטענדיק זיינען געווען אַזעלכע מיני פאַר-העלטעגישן צווישן איינצעלנע גרויסע און קליינע מלוכות, נאָר אין דער תקופה פונם קאפּיטאַליסטישן אימפּעריאַליזם ווערן זיי אַן אַלגעמיינע סיסטעם, זיי גייען אַריין, ווי אַ טייל א נם סכום פארהעלטענישן „פון דער צוטיילונג פון דער וועלט“ זיי ווערן רינגען פון די אָפּעראַציעס פונם אַלוועלטליכן פינאַנץ-קאַפּיטאַל.

כדי צו פאַרענדיקן מיט דער פראַגע וועגן דער צוטיילונג
פון דער וועלט, מוזן מיר נאָך אָנמערקן אָט וואָס. צום סוף פון
ניינצנטן און אין אָנהויב פון צוואַנציגסטן יאָרהונדערט האָט ניט
נאָר די אמעריקאַנער ליטעראַטור נאָך דעם יאַפּאַניש-אַמעריקאַנער
קריג און די ענגלישע נאָך דעם ענגליש-בורער קריג, גאַנץ אָפן
און קלאָר אַוועקגעשטעלט די דאָזיקע פראַגע, ניט נאָר די דייט-
שישע ליטעראַטור, וואָס האָט מיט גרויס „התמדה" נאָכגעשפּירט
נאָכן „בריטאַנישן אימפּעריאַליזם", פלעגט סיסטעמאַטיש אָפּשאַצן
דעם דאָזיקן פאַקט. אויך אין דער פראַנצויזישער בורזשואַזער לי-
טעראַטור איז די פראַגע אַוועקגעשטעלט גאַנץ קלאָר און ברייט,
אויף וויפל דאָס איז בכלל מעגליך פונם בורזשואַזן שטאַנדפּונקט.
לאָמיר זיך פאַררופן אויפן היסטאָריקער דריאָ, וואָס האָט געשריבן
אין זיין בוך: „די פּאָליטישע און סאָציאַלע פּראָבלעמען צום סוף
פון ניינצנטן יאָרהונדערט", אינם קאַפּיטל וועגן „די גרויסע מלוכות
און וועגן צוטיילונג פון דער וועלט" אָט וואָס: „אין משך פון די
לעצטע יאָרן זיינען אַלע פרייע פלעצער אויף דער ערד, אַחוץ
כינע פאַרנומען דורך די מלוכות פון אייראָפּע און פון צפון-אַמע-
ריקע. אויף דעם דאָזיקן באָדן זיינען שוין פאָרגעקומען עטליכע
קאָנפליקטן און ס'האָבן זיך שוין געביטן די השפעות. און דאָס
דינט פאַר אַן אָנזאָג פון מער שרעקליכע אויפרייסן אין דער נאָ-
ענטסטער צוקונפט, ווייל מע מוז זיך איילן: יענע פעלקער וואָס
האָבן זיך ניט באַוואָרנט, שטייען פאַר דער סכנה קיינמאָל ניט צו
באַקומען זייער חלק און ניט צו באַטייליקן זיך אין יענער גע-
וואַלטיקער עקספּלואַטירונג פון דער וועלט, וועלכער וועט זיין
איינער פון די עיקרדיקע פאַקטן פון דעם קומענדיקן (דאָס הייסט,
פונ'ם צוואַנציגסטן יאָרהונדערט). און אָט פאַרוואָס גאַנץ אייראָפּע
און אַמעריקע זיינען פאַר דער לעצטער צייט געוואָרן אָנגעשטעקט
מיט אַ פיבער פון קאָלאָניאַלע פאַרברייטערונגען פונם „אימפּעריאַ-
ליזם". וועלכער בילדעט דעם מערקווירדיקסטן כאַראַקטעריסטישן
שטריך פונ'ם סוף פונם ניינצנטן יאָר-הונדערט", און דער אַוו-

מאָר גיט צו: „בײַ דער דאָזיקער צוטיילונג פון דער וועלט, בײַ דער דאָזיקער משוגענער יאָגעניש נאָך אוצרות און נאָך גרויסע מערק פון דער וועלט, אנטשפּרעכט לחלוטין ניט די לפּיערכ׳דיקע קראַפט פון די מלוכות, וואָס זיינען געגרינדעט געוואָרן אין גייַנ-צייט-יאָרהונדערטס. יענעם פלאַץ, וועלכן ס׳פאַרנעמען אין איראָפּע די פעלקער, וועלכע האָבן זיי געגרינדעט, יענע מלוכות. וואס האבן די איבערהאַנט אין איראָפּע און וועמעס הענט ט׳געפינט זיך דער גורל פון אנדערע מלוכות, האבן ניט אין דערוועלבער מאָס די איבערהאנט אין דער גאנצער וועלט. און היות ווי די קאָלאָניאַלע מעכטיקייט, די האָפענונג צו באַקומען עשירות, וואס זיינען נאך ניט פאַראויסגעזעהען, וועלן, אַ׳פנים האבן זייער רעפּ-לעקסאַרע ווירקונג אויף די לפּיערכ׳דיקע קראַפט פון די איראָ-פּייאישע מלוכות, וועט אַדאַנק דעם די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק — דער אימפּעריאַליזם, אויב איר ווילט — וואס האט שוין געענדערט די פּאָליטישע באדינגונגען אין איראָפּע גופא, ענדערן זיי אַלץ מער און מער“[*].

## 7. דער אימפּעריאליזם, ווי אַ ספּעציעלע שטופּע פונם קאפּיטאליזם.

איצט מוזן מיר פּרובירן אונטערפירן געוויסע סך הכלס, ברייננ-גען אין אַ סדר אַלץ, וואָס מיר האָבן איבערגעזאָגט וועגן אימ-פּעריאַליזם. דער אימפּעריאליזם איז אויסגעוואַקסן, ווי אַן אנט-וויקלונג און אַ דירעקטער המשך פון די גרונט-אייגנשאַפטן פונם קאַפּיטאַליזם בכלל. אָבער נאָר אויף אַ געוויסער, זעהר הויכע שטופּע פון זיין אַנטוויקלונג איז דער קאַפּיטאַליזם געוואָרן אַ קאפּיטאַליסטישער אימפּעריאַליזם. ערשט דאַן, ווען אייניקע זיינע גרונט-אייגנשאַפטן האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין זייער היפוך, ווען דורכאויס האָבן זיך אויסגעבילדעט און האָבן זיך אַנטפּלעקט שטריכן פון אַן איבערגאנגס עפּאָכע פון קאַפּיטאַליזם צו אַ העכערער געזעלשאַפטליך-עקאָנאָמישער אָרדענונג. דאָס עקאָנאָמיש

גרינטליכע אין דעם דאָזיקן פּראָצעס איז דאָס, וואָס דאָס אָרט פון דער קאַפּיטאַליסטישער פרייער קאָנקורענץ פאַרנעמט קאַפּי־טאַליסטישע מאָנאָפּאָלן. די פרייע קאָנקורענץ איז די גרונט־אייגנ־שאַפט פונם קאַפּיטאַליזם און פון דער סחורות־פּראָדוקציע בכלל; די מאָנאָפּאָל איז אַ דירעקטער היפּוך פון פרייער קאָנקורענץ. נאָר פאַר אונזערע אויגן האָט זיך די פרייע קאָנקורענץ אָנגעהויבן פאַרוואַנדלען אין אַ מאָנאָפּאָל, שאַפנדיק גרויסע פּראָדוקציע, אויסשטויסנדיק די קליינע, פאַרבײַטנדיק די גרויסע פּראָדוקציע מיט נאָך אַ גרעסערער, דערפירנדיק די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע און פונם קאַפּיטאַל ביז אַזאַ הויך, אַז פון איר פלעגט אויסוואַקסן און ס׳וואַקסט אויס די מאָנאָפּאָל: קארטעלן, סינדיקאַטן, טרעסטן, און דער מיט זיי צוזאַמענגעבונדענער קאַפּיטאַל פון אַ וועלכן ניט איז צענדליק ביינק, וואָס האָבן צעשאַפן איבער מי־ליאַרדן. און די מאָנאָפּאָלן, הגם זיי זיינען אויסגעוואַקסן פון דער פרייער קאָנקורענץ, באַזײַטיקן זיי זי דאָך ניט, נאָר זיי עקסיס־טירן איבער איר, האָבנדיק מיט איר און רופן דורך דעם ארויס אַ ריי באַזונדער שארפע און גרויסע סתירות, רייבונגען, קאָנפליקטן. די מאָנאָפּאָל—דאָס איז אַן איבערגאַנג פונם קאַפּי־טאַליזם צו אַ העכערער אָרדענונג.

אויב ס׳וואָלט געווען נויטיק צו געבן אַ וואָס מער קירצע־רע דעפינירונג פונם אימפּעריאַליזם, וואָלט מען געדאַרפט זאָגן, אַז דער אימפּעריאַליזם איז די מאָנאָפּאָליסטישע שטופע פונם קאַפּיטאַליזם. אַזאַ דעפיניציע וואָלט אין זיך כולל געווען דעם עיקר, ווייל דער פינאַנץ־קאַפּיטאַל איז, פון איין זייט, דער באַנק־קאַפּיטאַל פון אַ קליינער צאָל מאָנאָפּאָליסטישע גרויסע ביינק, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיטן קאַפּיטאַל פון מאָנאָפּאָליסטישע קאַפּיטאַליסטן־פאַרבאַנדן און די צוטיילונג פון דער וועלט איז פון דער אַנדערער זייט, אַן איבערגאַנג פון דער קאָלאָניאַלער פּאָ־ליטיק, וואָס פאַרברײַטערט זיך אומגעשטערט אויף יענע געגנטן, וואָס זיינען נאָך ניט פאַרכאַפּט געוואָרן פון קיין איין קאַפּיטאַ־

ליסטישער מלוכה, צו אַ קאָלאָניאַלער פּאָליטיק פון מאנאָפּאָליס-טישער הערשאַפט מיט דער וועלט-טעריטאָריע, וועלכע איז שוין לגמרי צוטיילט געוואָרן.

נאָר צו קורצע דעפיניציעס הגם זיי זיינען באַקוועם, ווייל זיי גיבן אונז דעם הויפט סך הכל, נאָר זיי זיינען פונדעסטוועגן ניט גענוג, ווען מע דאַרף פון זיי אַרויסדרינגען זעהר עיקרדיקע שטריכן פון יענער דערשיינונג, וועלכע מע דאַרף דעפינירן. דעריבער, ניט פאַרגעסנדיק די קאָנווענציאָנעלע און לפיערכדיקע באַטייטונג פון אַלע דעפיניציעס בכלל, וואָס קענען קיינמאָל ניט ארומנעמען די אַלזייטיקע צוזאַמענבונדן פון דער ערשיינונג אין איר פולער אַנטוויקלונג, דאַרף מען געבן אַזאַ דעפיניציע פונם אימפעריאליזם, וועלכע זאָל כולל זיין אָט די פינף הויפט סימנים זיינע: 1) די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע און פונם קאַ. פּיטאַל, וועלכע האָט דערגרייכט אַזאַ הויכע אַנטוויקלונג-שטופע, אַז זי האָט געשאַפן די מאָנאָפּאָלן, וואָס שפּילן אַ אַנטשייד ענדיקע ראָלע אינם ווירטשאַפטליכן לעבן; 2) די צונויפגיסונג פונם באַנק-קאַפּיטאַל מיטן אינדוסטריעלן און די שאַפונג פון אַ פינאַנץ-אָליגאַרכיע, אויפן יסוד פון דעם דאָזיקן „פינאַנץ-קאַפּיטאַל“; 3) דער קאַפּיטאַל עקספּאָרט באַקומט, צום אונטערשייד פונם סחורות עקספּאָרט, אַ ספּעציעל וויכטיקע באַטייטונג; 4) ס'בילדן זיך אינטערנאַציאָנאלע מאָנאָפּאָליסטישע קאַפּיטאַליסטן-פאַרבאַנדן, וואָס צוטיילן צווישן זיך די וועלט; 5) ס'ווערט פאַרענדיקט די טעריטאָריאַלע צוטיילונג פון דער וועלט דורך די גרעסטע קאַפּי-טאַליסטישע מלוכות. דער אימפּעריאַליזם איז דער קאַפּיטאַליזם אויף יענער זיינער אַנטוויקלונגס-שטופע, ווען ס'האָט זיך אויסגע-בילדעט די הערשאַפט פון מאָנאָפּאָל און פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, ווען ס'האָט באַקומען זעהר אַ גרויסע באַטייטונג דער עקספּאָרט פונם קאַפּיטאַל, ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן די צוטיילונג פון דער וועלט צווישן אינטערנאַציאָנאַלע טרעסטן און ווען ס'האָט זיך

פארענדיקט די צוטיילונג פון דער גאנצער וועלט-טעריטאריע צווישן די גרעסטע קאפיטאליסטישע מלוכות.

מיר וועלן נאך ווייטער זעהן, ווי אזוי מע קען און מע דארף אנדעריש דעפינירן דעם אימפעריאליזם ווען מע זאל האבן אין זינען ניט נאר די ריין עקאנאמישע גרונט-באגריפן (מיט וועלכע עס באגרענצט זיך די געבראכטע דעפיניציע), נאר דעם היסטארישן פלאץ פון דער געגעבענער קאפיטאליזם שטופע. בנוגע צום קאפיטאליזם בכלל אדער די פארהעלטעניש צווישן אימפעריאליזם און די צוויי גרונט-ריכטונגען אין דער ארבעטער-באוועגונג. נאר דא גלייך מוז מען אנמערקן, אז דער אימפעריאליזם, אויב מע פארשטייט אים אין דעם אנגעוויזענעם זין, שטעלט מיט זיך פאר א ספעציעלע סטאדיע אין דער קאפיטאלס אנטוויקלונג, כדי צו געבן דעם לעזער א וואס מער מעגליך באגרינדעטע פארשטעלונג וועגן אימפעריאליזם. האבן מיר בכיון געזעהן צו ברייגען וואס מער מיינונגען פון בורזשואזע עקאנאמיסטן, וואס זיינען געצוואונגען צו אנערקענען די באזונדער פעסט איינגעשטעלטע פאקטן פון דער נייסטער עקאנאמיק פונם קאפיטאליזם. מיט דעם זעלביקן צוועק האבן מיר געבראכט אויספירליכע סטאטיסטישע ציפערן, וואס גיבן אונז די מעגליכקייט צו זעהן, אויף וויפל ס'איז אויסגעוואקסן דער באנק-קאפיטאל און א. וו., אין וואס האט זיך נעמלאך אויסגעדריקט דער איבערגאנג פונם כמות אינם איכות, דער איבערגאנג פונם אויס-וויקלטן קאפיטאליזם אינם אימפעריאליזם. ס'איז, פארשטייט זיך, איבעריק צו רעדן, אז אין דער נאטור און אין דער געזעלשאפט זיינען אלע גרעניצן קאנווענציאנעל און באוועגלאך, אין ס'וואלט געווען, למשל, אן אומזין צו פירן א מחליקת וועגן דעם, אין וואס פאר א יאר אדער יאר צענדליג האט זיך „ענדגילטיג" איינגעשטעלט דער אימפעריאליזם.

נאר ס'קומט אויס צו פירן א מחלוקת וועגן דער דעפיניציע פונם אימפעריאליזם. און קודם כל קומט עס אויס צו טאן בנוגע

צום מאַרקסיסטישן הויפּט-טעאָרעטיקער פון דער תקופה פון דעם אזוי גערופענעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, דאס הייסט, פון די יארן 1914—1889 בנוגע צו ק. קאאוטסקי.

נאָך אין 1915־טן יאָר און אפילו נאָך אין נאָיאבר 1914-טן יאָר איז קאאוטסקי גאַנץ קאַטעגאָריש אַרויסגעטראָטן קעגן די גרונט-אידייען, וואָס זיינען אויסגעדריקט אין דער פון אונז געגעבענער דעפיניציע, דערקלערנדיק, אז אונטערן אימפּעריאַליזם דאַרף מען פארשטיין נ ט ק ן „פאזע" אָדער „אַ שטופע פון ווירט-שאַפט", נאָר די פּאָליטיק, נעמליך, די באשטימטע פּאָליטיק, פון וועלכער דער פינאַנץ-קאַפּיטאל פעלט מער ווי פון אַנדערע, אז מע טאָר ניט „אידענטיפיצירן" דעם אימפּעריאַליזם מיט „דעם מאָדערנעם קאַפּיטאליזם", אז אויב מע זאָל אונטערן אימפּעריא-ליזם פאַרשטיין „אלע דערשיינונגען פון דעם מאָדערנעם קאפּי-טאליזם"—די קארטעלן, דעם פראָטעקציאָניזם, די הערשאפט פון פינאַנציסטן, די קאָלאָניאלע פּאָליטיק דאן וועט די פראגע וועגן דער נויטיקייט פונם אימפּעריאַליזם פארן קאפּיטאַליזם באקומען א זין פון אַ סאַמע געמיינער „טאווטאָלאָגיע", ווייל דאן „איז דער אימפּעריאַליזם, נאַטירליך א לעבנס-נויטווענדיקייט פארן קאַפּיטאליזם" און א. וו. מיר וועלן פינקטלאכער פאר אלץ אויס-דריקן קאאוטסקיס געדאנק, אויב מיר וועלן ברענגען די פון אים געגעבענע דעפינירונג פונם אימפּעריאַליזם (ווייל די דערווידע-רונגען מצד די דייטשישע מארקסיסטן, וואָס האבן אן א משך פון א גאנצער ריי יאָרן דורכגעפירט ענליכע אידייען, זיינען לאנג באַוואוסט קאאוטסקין, ווי דערווידערונגען פון א באַשטים-טער שטרעמונג אינם מאַרקסיזם)

אָט איז קאאוטסקיס דעפיניציע:

„דער אימפּעריאַליזם איז אַ פּראָדוקט פון דעם הויך-אנט-וויקלטן אינדוסטריעלן קאַפּיטאַליזם. ער באשטייט אין דער שטרע-בונג פון איטליכער אינדוסטריעלער קאפּיטאליסטישער נאַציע צוצואייניקן צו זיך אָדער צו מאכן פאַר זיך אונטערטעניק אלץ

גרעסערע אגראר (קאאוטסקיס קורסיוו) געגנטן, און א שייכות צו דעם, מיט וואָס פאר א פעלקער די דאָזיקע געגנטן זיינען באַזעצט"85).

די דאָזיקע דעפיניציע איז אינגאַנצן ניט ריכטיק, ווייל זי איז אן איינזייטיקע, דאָס הייסט, זי טיילט ווילקירליך אויס בלויז די נאַציאָנאַלע פראַגן (הגם א זעהר וויכטיקע סיי אין זיך, סיי אין איר שייכות צום אימפעריאַליזם), זי בינדט איר ווילקירליך און ניט ריכטיק צונויף בלויז מיטן אינדוסטרי-עלן קאַפּיטאַל אין די לענדער, וועלכע אנעקסירן פרעמדע פעל-קער, און שטעלט פונקט אזוי ווילקירליך און ניט ריכטיק ארויס די אנעקסיעס פון אגראר-געגנטן.

דער אימפעריאַליזם איז אשטרעבונג צו אנעקסיעס — אט אין וואָס עס באַשטייט דער אינהאַלט פונם פּאָליטישן טייל פון קאַאוטסקיס דעפיניציע. דאָס איז ריכטיק, אבער כלל ניט אַלץ, ווייל דער אימפעריאַליזם איז פּאָליטיש בכלל א שטרעבונג צו געוואַלט און רעאַקציע. נאָר אונז אינטערעסירט דא די עקאָנאָמישע זייט פונם ענין, וואס קאַאוטסקי האָט אַהיינגעבראַכט אין זיין דעפיניציע. די ניט ריכטיקייטן אין קאַאוטסקיס דעפיניציע טרעטן בולט ארויס. פארן אימפעריאַליזם איז כאַראַקטעריסטיש גראָדע ניט דער אינדוסטריעלער קאפיטאל, נאר דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל. ס'איז ניט קיין צופעליקייט, וואָס אין פראנקרייך האט גראַדע די באזונדערט גיכער אנטוויקלונג פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, בא דער אפשוואכונג פונם אינדוסטריע-קאַפּיטאַל, אַרויסגערופן פון די 80-קער יאר און פון פאָריקן יארהונדערטס א שטארקע פאַרשאַרפונג פון דער אנעקסיאנסטישער (קאָלאָניאלער) פּאָליטיק. פאַרן אימפעריאַליזם איז כאראקטעריסטיש גראָדע די שטרעבונג צו אנעקסירן ניט נאר אגראר-געגנטן, נאר אפילו די מאַמע-אינדוסטריעלע (די דייטשע אפעטיטן מכוח בעלגיען, די פראַנצויזישע-מכוח לאטארינגיע), ווייל ערשטנס, צווינגט די פאַרענדיקטע צוטיילונג פון דער ערד אויסצושטרעקן די האנט בא דער איבער-

טיילונג, נאך וואָסערע ניט איז ערד-שטיקער; צווייטנס, איז פאַרן אימפעריאליזם זעהר וויכטיק די קאָנקורענץ צווישן עטליכע גרויסע מלוכות אין דער שטרעבונג צו העגעמאניע, צו פאַרכאַפּן לענדער נים אזוי פיל פאר זיך, ווי כדי אפצושוואכן דעם קעגנער און אונטערייסן זיין העגעמאניע (בעלגיען איז באזונדער וויכטיק פאר דייטשלאַנד, ווי א שטיץ-פונקט קעגן איינגלאנד; פאַר איינגלאַנד-באגדאד, ווי א שטיץ פונקט קעגן דייטשלאנד אין א. וו.)

קאאוטסקי פאררופט זיך באזונדערס — און ניט איינמאָל — אויף די איינגלענדער. וועלכע האָבן, כלומרשט, איינגעשטעלט די ריין פּאָליטישע באטייטונג פונם ווארט אימפעריאליזם אין דעם זין, אין וועלכן ער, קאאוטסקי, פאַרשטייט עס. מיר נעמען אָן איינגלענדער, סאקסאניען, און לייענען אין זיין ווערק „דער אימפעריאליזם", וואָס איז אַרויס אין 1902-טן יאר:

„דעה נייעה קאפּיטאליזם שיידעט זיך אונטער פון דעם אלטן, ערשטנס, מיט דעם, וואָס ער שטעלט אוועק אנשטאָט די שטרעבונגען פון איין וואקסענדיקער אימפעריע די טעאריע און די פראקטיק פון קאָנקורירנדיקע אימפעריעס, פון וועלכע איטליכע רעכנט זיך מיט די זעלבע שטרעבונגען, נאך פּאָליטישער פאַרברייטערונג און נאך קאמערציעלע נוצן; צווייטנס, מיט דעם, וואס איבער די האנדלס-אינטערעסן הערשן פינאנציעלע אינטערעסן אדער אוצלכע, וואס זיינען שייך צום קאפּיטאל אויסנוצונג"[86].)

מיר זעהען, אז קאאוטסקי איז לחלוטן ניט גערעכט אין זיין אנווייזונג אויף די איינגלענדער בכלל (ער האט זיך נאך אפשר געקענט פאררופן אויף די וואולגארע איינגלישע אימפעריאליסטן אדער אויף דירעקטע אפאלאגעטן פונם אימפעריאליזם). מיר זעהען, אז קאאוטסקי, וואָס פרעטענדירט צו פארטיידיקן דעם מארקסיזם, מאכט אין דער אמתן א טריט צוריק אין פארגלייך מיטן סאָציאַל-ליבעראל האבסאן, וועלכער שאצט ריכטיקער אפ די צוויי „היסטאָריש-קאָנקרעטע" באזונדערקייטן פון דעם מאָדערנעם אימפעריאליזם: 1) די קאָנקורענץ צווישן עטליכע אימפעריאליז-

מען און 2) די אויבערהאנט פונם פינאנציסט איבערן סוחר. ווען אבער ס'האנדלט זיך בעיקר וועגן דעם, אז אן אינדוסטריעל לאַנד פינעקסירט אן אגראר-לאנד, שפּעלט מען דאך מיט דעם ארויס די הויפּט-ראָלע פון דעם סוחר,

קאַוטסקיס דעפיניציע איז ניט נאָר ניט קיין ריכטיקע און ניט קיין מאַרקסיסטישע. זי דינט פאַר יסוד פון א גאַנצער סיסטעם אנשויאונגען, וואָס רייסן אינגאַנצן איבער סיי מיט דער מאַרקסיסטישער טעאָריע סיי מיט דער מאַרקסיסטישער פּראַקטיק, וועגן וואָס מיר וועלן נאָך שפּעטער ריידן. גאַנץ ניט ערנסט איז יענע מחלוקת וועגן ווערטער, וועלכע קאַאוטסקי האט אויפגעהויבן: צי דאַרף מען אָנרופן די נייסטע שטופע פונם קאַפּיטאַליזם מיטן נאָמען אימפּעריאַליזם אדער א שטופע פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל, רופט אן, ווי איר ווילט, דאָס איז אלץ איינס. דער עצם באַשטייט אין דעם, וואָס קאַאוטסקי רייסט אָפּ די פּאָליטיק פונם אימפּעריאַליזם פון זיין עקאָנאָמיק, ווען ער רעדט וועגן אנעקסיעס, ווי וועגן א פּאָליטיק, פון וועלכער דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל האלט מער, ווי פון אנדערע, און ער שטעלט איר אַנטקעגן אן אַנדערע, א בורזשואַזע פּאָליטיק, וועלכע איז כלומרשט, מעגליך אויף א זעלביקן יסוד פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל. עס קומט אויס, אז מאנאָפּאָלן אין דער עקאָנאָמיק קענען עקזיסטירן צוזאַמען מיט א ניט מאָנאָפּאָליסטישן, ניט קיין געוואַלטעטן, ניט קיין פּאַרדאָבערישן האַנדלונגס-אופן אין דער פּאָליטיק, עס קומט אויס, אַז די טעריטאָריאַלע צוטיילונג פון דער ערד, וואָס האָט זיך גראָדע פאַרענדיקט אין דער צייט פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל און וואָס בילדעט דעם יסוד פון דער אייגנאַרטיקייט פון די איצטערדיקע פאָרמען פון קאָנקורענץ צווישן די גרעסטע קאַפּיטאַליסטישע מלוכות, קאָן עקזיסטירן צוזאַמען מיט אַ ניט-אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק, אויף אזא אופן ווערן פאַרשמירט און פאַרטעמפּט די סאַמע ראַדיקאַלע סתירות פון דער נייסטער שטופע פונם קאַפּיטאַליזם, אַנשטאָט דעם, אַז זאָל ווערן

אויפגעדעקט זייער טיפקייט, עס באַקומט זיך אנשטאָט מאַרקסיזם א בורזשואזער רעפאָרמיזם.

קאַאוטסקי פּאָלעמיזירט מיט קונאוון. דעם ווייטשישן אפּאָלאגעט פון אימפּעריאַליזם און פון אנעקסיעס, וועלכער דיינקט בכלל וואולגאר און ציניש: דער אימפּעריאַליזם דאָס איז א מאָדערנער קאַפּיטאַליזם; די אַנטוויקלונג פונם קאַפּיטאַליזם איז אומפאַרמיידלעך און פּראָגרעסיוו; הייסט עס, אַז דער אימפּעריאַליזם איז פּראָגרעסיוו; הייסט עס. אַז מע דאַרף זיך בוקן פאַרן אימפּעריאַליזם און זינגען צוליב זיין כבוד לויב-ליד (גרוס דערמאָנט די קאַריקאַטור, וואָס די סאָציאַליסטן האָבן אַרויסגעשטעלט קעגן די רוסישע מאַרקסיסטן אין 1894-5-טער יארן: אויב די מאַרקסיסטן, הייסט עס, האַלטן, אַז דער קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד איז אומפאַרמייידלעך און פּראָגרעסיוו, דאַרפן זיי עפענען א שיינקל און פאַרנעמען זיך מיט איינפלאַנצן דעם קאַפּיטאַליזם. קאַאוטסקי „ענטפערט" קונאָוון: ניין, דער קאַפּיטאַליזם איז נית קיין מאָדערנער קאַפּיטאַליזם, עס איז בלויז איינע פון די פאָרמען פון דער פּאָליטיק פונם מאָדערנעם קאַפּיטאַליזם, אין מיר קענען און מוזן קעמפן נית מיט דער דאָזיקער פּאָליטיק, קעמפן מיטן אימפּעריאַליזם, מיט אנעקסיעס און א. וו.

דער דאָזיקער ענטפער ווייזט אויס זעהר פיין, אין דער אמתן אבער איז עס געגליכן צו דאס נית מער, ווי אן איידעלע, א פיינערע, מער באהאלטענע (און דער בער מער געפערליכע) דרשה וועגן א פשרה מיטן אימפּעריאַליזם, ווייל „דער קאַמף" מיט דער פּאָליטיק פון די טרעסטן און פון די בייאנק, דער קאַמף, וואָס פירט נית אן די יסודות פון דער עקאָנאָמיק פון די טרעסטן און פון די ביינק, לאָזט זיך אויס צו בורזשואזן רעפאָרמיזם, און פּאַציפיזם צו גוטינקע און אומשולדיקע פרומע וואונטשן, ארויסדרייען זיך פון די עקזיסטירענדיקע סתירות, פאַרגעסן די וויכטיקסטע פון זיי, אנשטאָט אויפצודעקן די גאַנצע טיפקייט פון סתירות—אט אין וואָס עס באַשטייט קאַאוטסקיס טעאָריע.

„פון ריין־עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט,-שרייבט קאַוטסקי,— איז ניט קיין אוממעגליכע זאַך, אַז דער קאַפּיטאַליזם זאָל איבער־לעבן נאָך א נייע פאַזע, ווען די פּאָליטיק פון די קאַרטעלן ווערט איבערגעטראָגן אויף די אויסערליכע פּאָליטיק, „א פאַזע פון אולטרא-אימפּעריאַליזם“[87], דאָס הייסט, פון אַן איבער-אימפּעריאַליזם פון א פאַראייניקונג פון די אימפּעריאַליזמוס פון דער גאַנצער וועלט, און ניט פון א קאַמף צווישן זיי, א פאַזע, ווען ביים קאַ-פּיטאַליזם הערן אויף די מלחמות, א פאַזע „פון געמיינזאַמער עקספּלואַטירונג פון דער וועלט דורך דעם אינטערנאַציאָנאַל־פאַר־אייניקטן פינאַנץ־קאַפּיטאַל“.

אויף דער דאָזיקער „טעאָריע פונם אולטרא־אימפּעריאַליזם„ וועט אונז אויסקומען זיך אפּצוהאַלטן, כדי גענוי אויפצואווייזן ווי זי הייסט קאַטעגאָריש אין ענדגילטיק איבער מיטן מאַרקסיזם לויט דעם אלגעמיינעם פּלאַן פון אונזער ביכל, וועלן מיר א קוק טאָן אויף די פּינקטליכע סטאַטיסטישע פאַקטן, וואָס זיינען נוגע דער דאָזיקער פראַגע, צי איז מעגליך אַן „אולטרא-קאַפּיטאַליזם“ „פון ריין־עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט“?

אויב מע זאָל אונטער דעם ריין-עקאָנאָמישן שטאַנדפּונקט פאַרשטיין „אַ ריינע“ אַבסטראַקציע, וועט דאַן אַלץ, וואָס מע קען זאָגן, צוגעפירט ווערן צו דער הנחה: די אַנטוויקלונג פירט צו מאָנאָפּאָל, פירט, הייסט עס, איין אַלוועלטליכער מאָנאָפּאָל, צו איין אַלוועלטליכן טרעסט. דאָס רופט ניט אַרויס קיינע ספיקות, אָבער דאָס איז לגמרי אָן אַ אינהאַלט.

נאָר ווען מע זאָל ריידן וועגן די „ריין־עקאָנאָמישע“ באַ-דינגונגען פון דער תקופה פונם פינאַנץ־קאַפּיטאַל, ווי וועגן א היסטאָרישער קאָנקרעטער תקופה, פון אָנהייב צוואַנציגסטן יאָר-הונדערט, וועט דער בעסטער ענטפער אויף די טויטע אַבסטראַק-ציעס פונם „אולטראַ־אימפּעריאַליזם“ זיין, אַנטקעגן שטעלן זיי די קאָנקרעטע־עקאָנאָמישע ווירקליכקייט פון דער איצטיקער אַל־וועלטליכער ווירטשאַפט. קאַוטסקיס רייד וועגן אולטראַ־אימפּע-

ריאַליזם מונטערן, אגב אורחא, אויף יענעם העכסט פאַלשן און באַקוועמען פאַר די אַפּאָלעגעטן פונם אימפּעריאַליזם געדאַנק, אַז די הערשאַפט פון דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל שוואַכט כלומרשט אָפּ די אומגלייכמעסיגקייטן און די סתירות אינעווייניק אין דער אַל-וועלטליכער ווירטשאַפט, ווען אין דער אמתן מאַכט די דאָזיקע חעכער נאָך שטאַרקער די סתירות.

אין זיינעם קליינעם ביכל „דער אַריינפיר אין דער אַל-וועלטליכער ווירטשאַפט" האָט ה. קאַלווער געמאַכט אַ פּסוק אונ-טעררעכנען די ריין-עקאָנאָמישע הויפּט-פאַקטן, וועלכע גיבן אַ מעגליכקייט קאָנקרעט זיך פאָרצושטעלן די צווישנבאַציהונגען אי-נעווייניק אין דער אַלוועלטליכער ווירטשאַפט אויפן גרעניץ פון 19-טן און 20-טן יאָהרהונדערט, ער טיילט די גאַנצע וועלט אויף פינף ווירטשאַפטליכע געגנטן: 1) די מיטל אייראָפּייאישע (גאַנץ אייראָפּאַ אַחוץ רוסלאַנד און ענגלאַנד); 2) די בריטאַנישע; 3) די רוסלענדישע; 4) די מזרח-אַזיאַטישע; 5) די אַמעריקאַנער, אַריינ-נעמענדיג די קאָלאָניעס און „די געגנטן" פון יענע מלוכות, צו וועלכע זיי געהערן אין „לאָנדיק אָן אַ זייט" די קליינע צאָל ניט פאַרטיילטע לויט די געגנטן לענדער, למשל, פּערסיען, אַפגאַ-ניסטאַן, אַראַביען און אַזיען, מאַראָקאַ און אַביסיניע און אַפריקע און אַ.וו.

אָט זיינען בקיצור יענע עקאָנאָמישע ציפערן, וועלכע ער ברייגנט וועגן די דאָזיקע געגנטן: (זעה טאַבעלע ז. 116)

מיר זעהען דריי געגנטן מיט אַ הויך-אַנטוויקלטן קאַפּיטאַ-ליזם (אַ שטאַרקע אַנטוויקלונג הן פון די טראַנספּאָרט-מיטלען, הן פונם האַנדל, הן פון דער אינדוסטריע) די מיטל-אייראָפּייאישע, די בריטאַנישע און די אַמעריקאַנער. צווישן זיי געפינען זיך די דריי מלוכות, וואָס הערשן איבער דער וועלט: דייטשלאַנד, ענגלאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן, די אימפּעריאַליסטישע קאָנקורענץ צווישן זיי און דער קאַמף זיינען העכסט פאַרשאַרפט דורך דעם, וואָס דייטשלאַנד האָט אַ נישטיק געגנט און ווייניק קאָלאָניעס;

| די הויפּט-ווירטשאַפטליכע געגנטן פון דער וועלט. | דער שטח (מיליאָ. קוואַד. קילאָמ.) | די באַפעלקערונג (מיליאָנען) | די קאָמוניק. מיטלען: אייזנבאַנען (טויז. קילאָמ.) | די קאָמוניק. מיטלען: האַנדלס פלאָט מיל. טאָנעס | דער האַנדל די אינדוסטריע: דער עקספּאָרט און אימפּאָרט | דער האַנדל די אינדוסטריע: די עקספּ. פון קויל טשוגון (מיל. טאָן) | דער האַנדל די אינדוסטריע: די צאָל שפּינדלאַך אין דער באַוועל אינדוסטריע (מיל. |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1) מיטל-אייראָפּ. | 27,6 (23,6*) | 388 (146*) | 204 | 8 | 41 | 51,251 | 26 |
| 2) די בריטאַנישע | 28,9 (28,4*) | 398 (355*) | 140 | 11 | 25 | 9,249 | 51 |
| 3) די רוסלענדישע | 22,6 | 131 | 63 | 1 | 3 | 3.16 | 7 |
| 4) די מזרח-אזיאַטי-שע | 12 | 389 | 8 | 1 | 2 | 0,02.8 | 2 |
| 5) די אמעריקאַנער | 30 | 148 | 379 | 6 | 14 | 14,245 | 19 |

די שאַפונג פון „מיטל אייראָפּע“ איז נאָך אַ זאַך פון דער צוקונפט, און זי ווערט געבאָרן אין אַ שרעקליכן קאַמף, אין דער בריטאַנישער און אַמעריקאַנער געגנטן, שטייט, פאַרקערט, זעהר הויך די פּאָליטישע קאָנצענטרירונג, נאָר אַ קאָלאָסאַלע אומפּעסיקייט איז פאַראַן צווישן די גיגאַנטישע קאָלאָניעס פון דער ערשטע און די נישטיקע פון דער צווייטע געגנט. און אין די קאָלאָניעס הויבט דער קאַפּיטאַליזם ערשט זיך אָן צו אַנטוויקלען, דער קאַמף פאַר דרום-אַמעריקע ווערט אַלץ שאַרפער.

צוויי געגנטן מיט אַ שוואַך אַנטוויקלטן קאַפּיטאַליזם — דער רוסלענדישער און דעם מזרח-אַזיאַטישער. אין דער ערשטער איז די באַפעלקערונג זעהר אַ שיטערע; אין דער צווייטער זעהר אַ געדיכטע; אין דער ערשטע איז די פּאָליטישע קאָנצענטרירונג זעהר גרויס, אין דער צווייטע איז ניט פאַראַן קיין שום פּאָליטישע קאָנצענטראַציע. כינאַ האָט מען ערשט אָנגעהויבן צוטיילן און דעם קאַמף צוליב איר צווישן יאַפּאַן, די פאַראייניקטע שטאַטן און א.וו. ווערט אַלץ שטאַרקער.

*) אין קלאַמערן איז דער שטח און די באַפעלקערונג פון די קאָלאָניעס.

פאַרגלײַכט מיט אַ דער ווירקליכקייט — מיט דער גיגאַנטישער פאַרשיידנאַרטיקייט פון עקאָנאָמישע און פּאָליטישע באַדינגונגען מיט אַ העכסט גרויסער אומגלייכקייט אין דער גיכקייט פונם וואוקס פון פאַרשיידענע לענדער און א.וו., מיט דעם מוראדיקן קאַמף צווישן די אימפּעריאַליסטישע מלוכות — אַט מיט דעם עלנט פאַרגלייכט קאַוטסקיס אידייען וועגן „פרידליכן" אולטראַ-אימ-פּעריאַליזם! באַווייזן דען אונז ניט אינטערנאַציאָנאַלע קאַרטעלן וועלכע קאַוטסקי נעמט אָן פאַר עמבריאָנען פונם אולטראַ-אימפּע-ריאַליזם, אַ ביישפּיל פון דייטשלאַנד און פון איבערטיילונג פון דער וועלט, און אַ איבערגאַנג פון פרידליכער צוטיילונג צו ניט-פרידליכער און פאַרקערט? טיילט דען ניט איצט דער אַמע-ריקאַנער און דער איבעריקער פינאַנץ-קאַפּיטאַל, וואָס האָט, לאָ-מיר זאָגן, מיטן אָנטייל פון דייטשלאַנד אויפן פרידליכן אופן צוטיילט די גאַנצע וועלט מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלן רעלסן-סינדי-קאַט, אָדער מיט דעם אינטערנאַציאָנאַלן טרעסט פאַר האַנדלסשיפ-פאָרן, צי טיילט ער דען איצט ניט איבער די וועלט אויפן סוד פון נייע כוחות-פאַרהעלטנישן, וואָס ענדערן זיך אויף אַ גאָר ניט פרידליכן אופן.

דער פינאַנץ קאַפּיטאַל און די טרעסטן שוואַכן ניט אָפּ, נאָר זיי פאַרשטאַרקן די חילוקים אין דער גיכקייט פונם וואוקס פון פאַרשיידענע טיילן פון דער אַלוועלטליכער ווירטשאַפט. ווי באַלד נאָך די כוחות-פאַרהעלטענישן האָבן זיך געענדערט, טאָ אין וואָס זשע, אויב ניט אין קראַפט, קען דאַן בא דער קאַפּיטאַליס-טישער אָרדנונג באַשטיין די לייזונג פון דער סתירה? גאַנץ גענויע פאַקטן וועגן דעם פאַרשיידענעם וואוקס פונם קאַפּיטאַליזם און און דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל אין דער גאַנצער אַלוועלטליכער ווירטשאַפט האָבן מיר אין דער אייזנבאַנען-סטאַטיסטיק[89]) פאַר די לעצטע יאָר צענדליגער פון דער אַ מפּעריאַליסטישער אַנטוויק-לונג האָט זיך די לייִנג פון אייזנבאַנען געענדערט אויף אַזאַ אופן:

| די אייזנבאנען (טויז. קיל.) | 1890 | 1913 | פארג. אויף+ |
|---|---|---|---|
| אייראפע | 224 | 346 | +122 |
| די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקא | 268 | 411 | +143 |
| אלע קאלאניעס | 82 | 210 | +128 |
| | 125 | 347 | 222 |
| די זעלבסשטענדיקע און האלבזעלבסטשטענדיקע מלוכות פון אזיע און אמעריקע | 43 | 137 | +49 |
| סך הכל | 617 | 1104 | |

הייסט עס, אז גיכער פאר אלץ איז די אנטוויקלונג פון אייזנבאנען געגאנגען אין די קאלאניעס און אין די זעלבסט-שטענדיקע מלוכות פון אזיע און אמעריקא. ס'איז באוואוסט, אז דא איז דער פאלשטענדיקער הערשער און רעגירער דער פינאנץ-קאפיטאל פון 5—4 גרעסטע קאפיטאליסטישע מלוכות, צוויי הונ. דערט טויזענד קילאמעטער נייע אייזנבאנען אין די קאלאניעס און אין די איבעריקע לענדער פון אזיען און פון אמעריקע באַ-טייטן, אז העכער 40 מיליארד מארק איז פארטאן געווארן אויף באזונדערע גוטע באדינגונגען, מיט באזונדערע גאראנטיעס פון הכנסות, מיט רווחים-דיקע באשטעלונגען פאר די שטאל-גוס פאב-ריקן א.א.וו.

גיכער פאר אלץ וואקסט דער קאפיטאליזם אין די קאלא-ניעס און אין די טראנס-אקעאן לענדער, צווישן זיי קומען אויף נייע אימפעריאליסטישע מלוכות (יאפאן), ס'ווערט פארשארפט דער קאמף צווישן די אלוועלטליכע אימפעריאליסטן. ס'וואקסט דער צינז, וועלכן דער פינאנץ-קאפיטאל נעמט פון די באזונדער הכנסותדיקע קאלאניאלע און טראנס-אקעאנישע אונטערנעמונגען, אן אויסשליס-ליך גרויסער חלק, ביים טיילן דעם דאזיקן „רויב" קומט אן די לענדער, וועלכע פארנעמען ניט שטענדיק דעם ערשטן ארט לויט דער גיכקייט פון דער אנטוויקלונג פון די פראדוקטיווע כוחות.

אין די גרעסטע מלוכות, צוזאַמען מיט זייערע קאָלאָניעס, איז די לייַנג פון די אייזענבאַנען געווען:

| | 1913 | 1890 | |
|---|---|---|---|
| | (טויזענטער קילאָמעטער) | | |
| +145 | 413 | 268 | די פאראייניקטע שטאטן |
| +101 | 208 | 107 | די בריטאנישע אימפעריע |
| + 46 | 78 | 32 | רוסלאנד |
| + 25 | 68 | 43 | דייטשלאנד |
| + 22 | 63 | 41 | פריינקרייך |
| 339 | 830 | 491 | סך הכל פינף מלוכות |

הייסט עס, אַז קרוב 80% פון דעם גאַנצען סכום אייזנבאַנען איז קאָנצענטרירט אין פינף גרעסטע מלוכות, נאָר די קאָנצענטרירונג פון אייגנטום אויף די דאָזיקע באַנען, די קאנצענטרירונג פונם פינאַנץ קאַפּיטאַל איז נאָך אַסך גרעסער, ווייל אַן אומגעהויער גרויסע מאַסע אַקציעס, אבליגאַציעס פון די אַמעריקאַנער, רוסלענדער און פון אַנדערע אייזענבאַנען געפינט זיך אין די הענט פון אייגלישע און פראַנצויזישע מיליאָנערן.

אַ דאַנק אירע קאָלאָניעס, האָט איינגלאַנד פאָרגרעסירט „איר" אייזענבאַן-נעץ אויף 100 טויזענד קילאָמעטער, אין פיר מאָל מער, איידער דייטשלאַנד, און ס'איז דאָך אַלעמען באַוואוסט, אַז די אַנטוויקלונג פון די פּראָדוקטיווע כוחות, בפרט פון דער שטיינקוילן און פון דער אייזן-פּראָדוקציע, איז פאַר דער צייט געגאַנגען אין דייטשלאַנד אַסך גיכער איידער אין איינגלאַנד, שוין אָפּגערעדט פון פראַנקרייך און רוסלאַנד. אין 1892טן יאָר האָט דייטשלאַנד פּראָדוצירט 4,2 מיליאָן טאָנען רוי אייזן קעגן 6,8 אין איינגלאַנד און אין 1912טן יאָר—שוין 17,6 קעגן 9,0. דאָס הייסט אַ גיגאַנטישע איבערוואָג בנוגע צו איינגלאַנד! פרעגט זיך, וואָס פאַר אַן אַנדער מיטל איז פאַראַן פאַרן פינאַנץ-קאַפּיטאַל אויפן באָדן פון קאַפּיטאַליזם, אַחוץ מלחמה, כדי צו באַזייטיקן די אומגלייכהייט צווישן דער אַנטוויקלונג פון די פּראָ-

דוקטיווע כוחות פון דער אומגלייך פון קאַפּיטאַל, פון איין זייט, און צווישן דער צוטיילונג פון די קאָלאָניעס און פון די „וויר-קינג-ספערעס"?

## 8 דער פאַראַזיטיזם און די צעפוילונג פונם קאַפּיטאַליזם.

מיר דאַרפן זיך איצט אָפּשטעלן נאָך אויף איין וויכטיקער זייט פונם אימפּעריאַליזם, וועלכע ווערט דאָס רוב ניט גענוג אָפּגעשאַצט באַם גרעסטן טייל באַהאַנדלונגען פון דער דאָזיקער טעמע. איינער פונם מאַרקסיסט הילפערדינגס חסרונות איז דאָס, וואָס ער האָט געמאַכט אַ טריט צוריק אין פאַרגלייך מיטן ניט-מאַרקסיסט האָבסאָנען. מיר ריידן וועגן פאַראַזיטיזם, וואָס ליגט אין דער טבע פונם אימפּעריאַליזם.

ווי מיר האָבן געזען, איז די מאָנאָפּאָל דער טיפּסטער עקאָנאָמישער יסוד פונם אימפּעריאַליזם. דאָס איז אַ קאַפּיטאַליסטישע מאָנאָפּאָל, דאָס הייסט, אַזאַ, וואָס איז אויסגעוואַקסן פונם קאַפּיטאַליזם, וואָס געפינט זיך אין דער אַלגעמיינער סביבה פונם קאַפּיטאַליזם, פון דער סחורות-פּראָדוקציע, פון דער קאָנקורענץ, און וואָס געפינט זיך אין אַ שטענדיקער אומפאַרמיידליכער סתירה מיט דער דאָזיקער אַלגעמיינער סביבה. נאָר פונדעסטוועגן רופט זי, ווי יעדע מאָנאָפּעל, אומפאַרמיידליך אַרויס אַ שטרעבונג צו שטילשטאַנד און צעפוילונג, אויף וויפל ס'שטעלן זיך, הגם נאָר צייטווייליק, איין מאָנאָפּאָלע פּרייזן. אויף אַזוי פיל ווערן ביז אַ געוויסער מאָס פאַרשוואונדן די סטימולן, וואָס שטופּן צו אַ טעכנישן און, הייסט עס, אויך צו יעדן אַנדערן פּראָגרעס, צו אַ באַוועגונג פאָראויס; אויף אַזוי פיל, ווייטער, קומט אויך אָן עקאָנאָמישע מעגליכקייט קינסטליך צו פאַרהאַלטן דעם טעכנישן פּראָגרעס, אַ ביישפּיל: אין אַמעריקע האָט איינער אָאוענס ערפונדן אַ פלאַש-מאַשין, וואָס רופט אַרויס אַ רעוואָלוציע אין דער פּראָדוקציע פון פלעשער. דער דייטשישער קאַרטעל פון פלעשער-פאַב-

ריקאַנטן קויפט אויף אַזעלכע פאַטענטן כדי צו פאַרהאַלטן זייער אָנווענדונג. היפּאָטעטיש זיך, אַז בּאַ דער קאַפּיטאַליסטישער אָרדענונג קען די מאָנאָפּאָל קיינמאָל ניט פולשטענדיק און אויף זייער אַ לאַנגע צייט באַזייטיקן די קאָנקורענץ פון אַלע עלטליכן מאַרק, ס'פאַרשטייט זיך, אַז די מעגלעכקייט קלענער צו מאַכן די הוצאות פון דער פּראָדוקציע און גרעסער צו מאַכן דעם ריוח דורכן איינפירן טעכנישע אויסבעסערונגען ווירקט לטובת די ענדערונגען. נאָר ס'ווירקט אויך, פון איר זייט, די מעגלעכקייט צו שטילשטאַנד און פאַלונג, און אין איינציקע פּראָדוקציע-צווייגן, אין איינצלנע לענדער נעמט זי די אויבערהאַנט אויף אַ געוויסע צייט.

אין דער זעלביקער ריכטונג ווירקט אויך די מאָנאָפּאָל אויף צו פאַרנעמען באַזונדערע גרויסע, רייכע קאָלאָניעס אָדער אזעלכע, וואָס געפינען זיך אין גוטע געאָגראַפישע באַדינגונגען. ווייטער, דער אימפּעריאַליזם באַשטייט אַ געוואַלטיקע אָנזאַמלונג פון געלט-קאַפּיטאַל אין אַ קליינער צאָל לענדער, און די גרויס פון דעם דאָזיקן קאַפּיטאַל דערגרייכט, ווי מיר האָבן געזעהן, ביז 150—100 מיליאַרד פראַנק אין ווערט-פּאַפּירן. פון דעם קומט אַרויס אַן אומפאַרמיידליכער וואוקס פון דעם קלאַס אָדער, ריכטיקער, פון שיכט ראַנטיע, דאָס הייסט, פון מענטשן, וואָס לעבן מיט דעם „שניידן קופּאָנעס“,—פון מענטשן, וואָס זיינען לגמרי אָפּגעריסן פון וועלכע ניט איז אונטערנעמונג — פון מענטשן, בּאַ וועלכע ליידיקגייעריי איז אַ פּראָפעסיע. דער קאַפּיטאַל-עקספּאָרט, איינער פון די הויפּט-יסודות פונעם אימפּעריאַליזם, פאַרשטאַרקט נאָך מער אָט די פולשטענדיקע אָפּגעריסנקייט פון דעם ראַנטיע-שיכט פון דער פּראָדוקציע, לייגט אַרויף אַ שטעמפּל פון פּאַראַזיטיזם אויף דאָס גאַנצע לאַנד, וואָס לעבט פון דער אַרבעט עקספּלואַטאַציע פון עטליכע איבערזעישע לענדער און פון די קאָלאָניעס.

„אין 1873-טן יאָר,—שרייבּט האָבּסאָן, — האָט דער איינגלישער קאַפּיטאַל, וואָס איז באַרפאַן געווען אין אויסלאַנד, געביל-

דעם קרוב 15 % פון דעם גאנצן פארמעגן פון פאראייניקטן קיניגרייך" [91]). מיר דערמאנען, אז ביזן 1915-טן יאר האט זיך דער דאזיקער קאפיטאל פארגרעסערט אן ערך אין 2½ מאל. „דער אגרעסיווער אימפעריאליזם, וואס קאסט אזוי טייער די שטייערן צאלער און וועלכער האט אזא קליינע באטייטונג פארן אינדוס-טריער און פארן סוחר, איז א קוואל פון גרויסע רוחים פארן קא-פיטאליסט, וועלכער זוכט, וואו צו פארטאן זיין קאפיטאל." (אין איינגליש ווערט דער דאזיקער באגריף באצייכנט מיט אייןווארט „אינוועסטאר" — „דער וואס פארטוט", ראנטיע)· די גאנצע פרנסה, וואס איינגלאנד באקומט אין משך פון א יאר פון איר גאנצן אויס-סערליכן און קאלאניאלן האנדל, פון אימפארט און עקספארט, באשטימט דער סטאטיסטיקער היפען אין 18 מיליאן פונט (קרוב 176 מיליאן רובלס) פארן 1899-טן יאר, רעכענענדיק 2½% אויפן גאנצן אומזאץ אין 800 מיליאן פונט, ווי גרויס ס'איז ניט די דאזיקע סומע, קען זי פונדעסטוועגן ניט דערקלערן דעם אג-רעסיוון אימפעריאליזם פון איינגלאנד, ער ווערט דערקלערט דורך דער סומע 90—100 מיליאן פונט, וואס שטעלט פאר די הכנסה פונם קאפיטאל, וואס איז „פארטאן", די הכנסה פון דעם ראנטיע-שיכט.

און דער באגריף פון א „מלוכה-ראנטיע" (Rentner-staat) אדער פון א מלוכה-פראצענטניק, הויבט אן פון אלעמען באנוצט צו ווערן אין דער עקאנאמישער ליטעראטור וועגן אימפעריאליזם. די וועלט האט זיך צעטיילט אויף א הייפעלע מלוכות-פראצענט-ניקעס און א גיגאנטישע מערהייט פון מלוכות בעלי-חובות. „צווישן די קאפיטאלן, — שרייבט שולצע-העווערניץ, — וואס זיי-נען פארטאן אין אויסלאנד, פארנעמען דעם ערשטן פלאץ די, וואס זיינען פארטאן אין פאליטיש אפהענגיקע אדער פארבונדענע לענדער. איינגלאנד לייט אויס עגיפטן, יאפאן, כינע, דרום-אמע-ריקע, איר קריגס-פלאט שפילט אין די פאלן, ווען ס'איז נויטיק, א ראלע פון א געריכטס-עקזעקוטאר. די פאליטישע קראפט פון

איינגלאנד באשיצט זי קעגן דער אויפרעגונג פון די בעלי-חובית" [92].
פארטאריוס-פאן-וואלטערס־הויזען שטעלט ארויס אין זיין ווערק „די פאלקס-ווירטשאפטליכע סיסטעם פון פאַטאן קאפיטאל אין אויסלאנד" פאר א מוסטער פון א „מלוכה-ראנטיע" האלאנד און ווייזט אז, איינגלאנד און פראנקרייך ווערן איצט אזוינע מלוכות„ [93]).

שילדער האלט, אז די פינף אינדוסטריעלע מלוכות, איינגלאנד, פראנקרייך, דייטשלאנד, בעלגיען און די שווייץ, זיינען „אויסגע-שפראכענע לענדער־קרעדיטארן". ער פארעכנט אהער האלאנד בלויז דערפאר, וואס זי איז „ווייניק אינדוסטריעל". די פאראייניקטע שטאטן זיינען קרעדיטאר מער ניט ווי בנוגע צו אמעריקע". [94]).

„איינגלאנד, — שרייבט שילדע-העווערניק, — וואקסט ביס-לאכווייס אריבער פון אן אינדוסטריעלער מלוכה אין א מלוכה-קרעדיטאר. ניט קוקנדיק אויף די אבסאלוטע פארגרעסערונג פון דער אינדוסטריעלער פראדוקציע און פונם אינדוסטריעלן עקס-פארט, וואקסט פאר די גאנצע פאלקסווירטשאפט די לפיערכ-דיקע באטייטונג פון די הכנסות פון פראצענטן און דיווידענדן, פון עמיסיעס, קאמיסיעס און ספעקולאציעס. לויט מיין מיינונג, איז טאקע אט דער פאקט דער עקאנאמישער יסוד פון דער אימפעריאליסטישער אויפבליהונג. דער קרעדיטאר איז פעסטער פארבונדן מיטן בעל-חוב, איידער דער פארקויפער מיטן קויפער"·
דער ארויסגעבער פונם בערלינער זשורנאל „דער באנק" א. לאנס-בורג האט אין 1911-טן יאר אין ארטיקל „דייטשלאנד — א ראנטיע-מלוכה" געשריבן וועגן דייטשלאנד: „אין דייטשלאנד לאכט מען גערן פון דער נטיה צו פארוואנדלען זיך אין א ראנ-טיע, וועלכע ס'באמערקט זיך אין פראנקרייך. נאר מע פארגעסט דערביי, אז אויף וויפל ס'האנדלט זיך וועגן דער בורזשואזיע, ווערן די דייטשישע באַציונגען אלץ מער ענליך צו די פראנ-צויזישע". [95]).

א ראנטיע-מלוכה איז א מלוכה פון פאראזיטישן, פוילע-

דיקן קאפּיטאליזם און אַט דאָס מוז זיך אָפּשפּיגלען סיי אויף אַלע סאָציאַל-פּאָליטישע באַדינגונגען פון די געגעבענע לענדער בכלל, סיי אויף די צוויי גרונט ריכטונגען אין דער אַרבעטער-באַוועגונג בפרט. כדי עס צו באַווייזן וואָס מער פּאַשיימפּערלי-כער, לאָמיר לאָזן ריידן האָבסאָנען, וועלכער איז אַ גאַנץ „זיכע-רער" ווי אַן עדות, ווייל אים איז אומעגליך חושד צו זיין אין פּאַרטייאישקייט בנוגע צו דער „מאַרקסיסטישער אָרטאָ-דאָקסיע", און ער איז, פון דער אַנדער זייט, אַן איינגלענדער, וואָס איז גוט באַקאַנט מיט דער לאַגע אין אַ לאַנד, וועלכע איז רייכער פון אַנדערע אי מיט קאָלאָניעס, אי מיט פינאַנץ-קאַפּיטאַל, אי מיט אַ מפּעריאַליסטישן נסיון.

באַשרייבנדיק אונטערן לעבעדיקן איינדרוק פון דער איינג-ליש-בורער קריג דעם פאַראייניגן צווישן דעם אימפּעריאַליזם מיט די אינטערעסן פון „די פינאַנציסטן", צווישן דעם וואוקס פונם ריווח פון ליפערונגען, פּאָדריאַדן א. א. וו., האָט האָבסאָן געשריבן: „דאָס זיינען די קאַפּיטאַליסטן, וואָס גיבן צו דער פּאָליטיק אַ בולט פּאַראַזיטאַרישע ריכטונג; נאָר די זעלביקע מאָ-טיוון ווירקן אויך אויף ספּעציעלע שיכטן אַרבעטער. אין אַ סך גרויסע שטעט זיינען די וויכטיקסטע אינדוסטריע-צווייגן אָפּהענ-גיק פון רעגירונגס-באַשטעלונגען; פון אָט דעם פאַקט הענגט אָפּ אין אַ גרויסער מאָס דער אימפּעריאַליזם פון די צענטרען פון דער מעטאַלורגישער און פון דער שיפבוי-אינדוסטריע". לויט דער מיינונג פונם אויטאָר, האָבן צוויי ערליי אומשטאַנדן אָפּגעשוואַכט דעם כח פון די אַלטע אימפּעריעס: 1) „דער עקאָנאָמישער פּאַ-ראַזיטיזם" און 2) דאָס צונויפשטעלן די אַרמיי פון אָפּהענגיקע פעלקער. דער ערשטער אומשטאַנד איז דער מנהג פון עקאָנאָ-מישן פּאַראַזיטיזם, לויט וועלכן די הערשנדיקע מלוכה נוצט אויס אירע פּראָווינציעס, קאָלאָניעס און אָפּהענגיקע לענדער כדי צו באַרייכערן איר הערשנדיקן קלאַס און כדי צו באַגיטיקן די ני-דעריקערע קלאַסן, זיי זאָלן זיין רואיק". „נאָר דער עקאָנאָמישער

מענליכקייט פון אזא באַניטיקן, און וואָס פאַר א פאָרם דאָס זאָל זיך ניט אויסדריקן, איז נויטיק — וועלן מיר צוגעבן פון זיך — א מאָנאָפּאָליסטישער הויכער כוח.

וועגן דעם צווייטן אומשטאַנד שרייבט האָבסאָן: „איינער פון די הויפּט משונהדיקע סימנים פון דער בלינדקייט פונם אימפּעריאַליזם איז יענע זאָרגלאָזיקייט, מיט וועלכער איינגלאַנד, פראַנקרייך און די איבעריקע אימפּעריאַליסטישע פעלקער שטעלן זיך אויף דעם דאָזיקן וועג. דעם גרעסטן טייל שלאַכטן, אדאַנק וועלכע מיר האָבן איינגענומען אונזער אינדישע אימפּעריע, האָבן אויסגעהאַלטן אונזערע אַרמייען, צונויפגעשטעלטע פון אָרטיקע איינוואוינער. אין אינדיען, און די לעצטע טעג אויך אין עגיפּטן, געפינען זיך גרויסע שטענדיקע אַרמייען אונטער דער אָנפירונג פון איינגלענדער; כמעט אַלע מלחמות, וועלכע זיינען צונויפגעבונדן מיט אונזער איינגענעמען אַפריקע, מיט איין אויסנאַם — איר דרום-טייל, האָבן דורכגעפירט פאַר אונז די אָרטיקע איינוואוינער".

די פּערספּעקטיוו פון דער צעטיילונג פון כינע רופט אַרויס בא האָבסאָנען אַזא עקאָנאָמישע אָפּשאַצונג: „דער גרעסטער טייל פון מערב-אייראָפּע וואָלט געקענט אָננעמען יענעם אויסזעען און יענעם כאַראַקטער, וועלכע ס'פאַרמאָגן איצט די טיילן פון די דאָזיקע לענדער; דער דרום-טייל פון איינגלאַנד, די ריוויערע, די אַממערסטן באַזוכטע פון טוריסטן און די באַפעלקערטע מיט גבירים ערטער פון איטאַליע און פון שווייצאַריע, נעמליך: א קליין הייפעלע רייכע אַריסטאָקראַטן, וואָס באַקומען דיווידענדן און פענסיעס פונם ווייטן מזרח, און מיט נאָך א גרעסערער צאָל הויז-דינער און אַרבעטער פון דער טראַנספּאָרט-אינדוסטריע און פון דער אינדוסטריע, וואָס איז פאַרנומען מיט דער ענטגילטיקער באַאַרבעטונג פון פאַבריקאַטן. די הויפּט-צווייגן פון דער אינדוסטריע וואָלטן פאַרשוואונדן און די מאַסן פּראָדוקטן פון דערנערונג, די מאַסן האַלב פאַבריקאַטן וואָלטן געבראַכט געוואָרן, ווי צינז

פון אזיע און פון אַפריקע". אָט וואָס סאַראַ מעגליכקייטן ס'עפנט פאַר אונז אויך אַ ברייטערער פאַרבאַנד פון די מערב-מלוכות, אַן אייראָפּייאישע פעדעראַציע פון די גרויסע מלוכות; זי וואָלט ניט נאָר ניט געטריבן פאָראויס די אַלוועלטליכע ציוויליזאַציע, נאָר זי וואָלט געקאָנט באַטייטן אַ מוראדיקע געפאַר מצד דעם מערב פּאַראַזיטיזם: אויסטיילן אַ גרופּע פּראָגרעסיווע אינדוסטרי-עלע פעלקער, וואָס די העכערע קלאַסן פון זיי באַקומען אַ קאָ-לאָסאַלן צינז פון אזיע און פון אפריקע, און מיט דער הילף פון דעם דאָזיקן צינז האַלטן זיי אויס גרויסע איינגעצאַמטע מאַסן פון אָנגעשטעלטע און דינער, וואָס זיינען שוין פאַרנומען ניט מיט דער פּראָדוקציע פון לאַנדווירטשאַפטליכע און אינדוסטריעלע מאַסן פּראָדוקטן, נאָר מיט פּערזענליכע באַדינונגען, אדער מיט א טפל'דיקער אינדוסטריעלער אַרבעט אינטערן קאָנטראָל פון דער נייער פינאַנץ-אַריסטאָקראַטיע. זאָלן די, וואָס זיינען גרייט אוועקצומאַכן מיט דער האַנט אַזאַ טעאָריע (מע האָט באַדאַרפט זאָגן: פּערספּעקטיוו), ווי אזעלכע, וואָס פאַרדינט ניט באַטראַכט צו ווערן, זאָלן זיי זיך איינטראַכטן אין די עקאָנאָמישע און סאָ-ציאַלע באַדינגונגען פון יענע געגנטן פונם איצטיקן דרום-איינג-לאַנד, וועלכע זיינען שוין געקומען צו אזא צושטאַנד. זאָלן זיי א טראַכט טאָן, וואָס פאַראַ קאָלאָסאַלע פאַרברייטערונג פון אזא סיסטעם ס'וואָלט געוואָרן מעגליך, ווען כינע וואָלט אונטערגע-וואָרפן געוואָרן אונטערן עקאָנאָמישן קאָנטראָל פון אזעלכע גרו-פּעס קאַפּיטאַליסטן, „וואָס פאַרטוען זייער קאַפּיטאַל", פון זייערע פּאָליטישע און האַנדלס אינדוסטריעלע אנגעשטעלטע, וואָס פּאָמפּען ארויס דעם רווח פון דעם גרעסטן פּאָטענציעלן רעזערוואַר, וועלכן ס'האָט נאָר געוואוסט אמאל די וועלט, מיטן צוועק אויס-צונוצן דעם דאָזיקן רווח אין אייראָפּע. ס'פאַרשטייט זיך, די סי-טואַציע איז אַ צו פאַרפלאָנטערטע, ס'איז צו שווער געווען פאָר-אויסצוזעהן די שפּיל פון די וועלט-כוחות, אז מע זאָל רעכענען פאַר גאַנץ זיכער די אדער אן אַנדער אויסטייטשונג פון דער צו-

קונפט בלויז אין איין ריכטונג. נאָר יענע ווירקינגען, וועלכע פירן בא היינטיקער צייט אָן מיטן אימפעריאַליזם פון מערב-אייראָפּע גייען אין אָט דער ריכטונג, און אויב זיי וועלן ניט קריגן קיין ווידערשטאַנד, אויב זיי וועלן ניט ווערן אָפּגעצויגן אין אן אנדער זייט, אַרבעטן זיי אין דער ריכטונג, אז דער פּראָצעס זאָל זיך דוקא אזוי פארענדיקן״. 96

דער אַווטאָר איז גאנץ גערעכט: אויב די כוחות פונם אימפעריאַליזם וואָלטן ניט געטראָפן קיין ווידערשטאַנד, וואָלטן זיי טאַקע געבראכט צו אזא סוף. דאָ איז ריכטיק אָפּגעשאַצט די באַטייטונג פון „די פאראייניקטע שטאטן פון אייראָפּע״ אין דער איצטיקער, אימפעריאַליסטישער סביבה. מע האָט נאָר גע-דאַרפט צוגעבן, אז אויך אינעווייניק אין דער ארבעטער-באוועגונג „ארבעטן״ די אָפּאָרטוניסטן, וואָס זיינען איצט אויף דערווייל געבליבן די זיגער אין דעם גרעסטן טייל לענדער, סיסטעמאַטיש און פעסט טאקע אין אָט דער ריכטונג. דער אימ-פעריאַליזם, וואָס באַטייט די צעשפּליטונג פון דער וועלט און די עקספּלואטירונג ניט נאָר פון איין כינע, וואָס באַטייט מאָנאָפּאָ-ליסטיש-הויכן ריוח פאר א הייפעלע רייכסטע לענדער, שאַפט אן עקאָנאָמישע מעגליכקייט צו באַגיטיקן די אויבערשטע שיכטן פונם פּראָלעטאַריאַט און אויף אזא אופן שפּייזט ער, פאָרמירט און פאר-שטארקט דעם אָפּאָרטוניזם. מע דארף נאָר ניט פאַרגעסן אן יענע כוחות, וואס ווירקן קעגן דעם אימפעריאליזם בכלל און קעגן דעם אָפּאָרטוניזם בפרט, כוחות, וועלכע דער סאָציאַל-ליבע-ראַל האָבסאָן, נאַטירליך, ניט געקאָנט איינזעהען. דער דייטשישער אָפּאָרטוניסט הערגאָרד פּילדעבראַנד, וועלכער איז בשעתו אויסגעשלאָסן געוואָרן פון דער פּארטיי דערפאַר, וואס ער האָט פאַרטיידיקט דעם אימפעריאַליזם, און וועלכער האָט איצט געמעגט ווערן א פירער פון דער אזוי גערופענער „סאָציאַל-דעמאָקראַ-טישער״ פאַרטיי פון דייטשלאַנד, איז גאַנץ גוט ממלא האַבסאָנען מיט דעם, וואָס ער פּריידיקט וועגן „פאַראייניקטע שטאָטן פון

מערב-אייראָפּע" (אַ חוץ רוסלאַנד) מיטן צוועק „געמיינזאַם" צרויסצוטרעטן קעגן... די אפריקאנישע נעגערן קעגן „דער גרוי-סער איסלאַמיסטישער באַוועגונג", כדי, אויסצוהאַלטן אַ שטאַרקע ארמיי און אַ פלאָט, קעגן „דער יאַפּאַנישע כינעזישער קאָאַליציע" [97] און א. וו.

די באַשרייבונג „פונם בריטאַנישן אימפּעריאַליזם" באַ שילצע-העווערניצן דעקט אונז אויף די זעלביקע שטריכן פון פּאַראַזיטיזם. די פאָלקס-הכנסה פון איינגלאַנד האָט זיך פאַרגרעסערט אַן ערך אין צוויי מאָל פאַר דער צייט פון 1865-טן יאָר ביזן 1898 יאָר, און די הכנסה „פון אויסלאַנד" איז פאַר דערזעלביקער צייט אויסגעוואַקסן אין ניין מאָל. אויב „דער פאַרדינסט" פונם אימפּעריאַליזם באַשטייט אין דעם, וואָס ער „ציט דעם נעגער אַריין אין דער אַרבעט" (אָהן צוואַנג איז, פאַרשטייט זיך, שווער צו אויסקומען...) באַשטייט „די געפאַר" פונם אימפּעריאַליזם אין דעם, וואָס אייראָפּע וועט אַרויפלייגן די פיזישע אַרבעט — תחילת די לאַנדווירטשאַפטליכע און די באַרג-אַרבעט און דערנאָך אויך די פּשוטע אינדוסטריעלע - אויף די פּלייצעס פון דער שוואַרץ-הויטיקער מענטשהייט, און אליין וועט זי זיך באַגענוגענען מיט דער ראָליע פון אַ ראַנטיע, און דורך דעם וועט זי, אפשר, צו-גרייטן די עקאָנאָמישע און דערנאָך אויך די פּאָליטישע עמאַנסי-פּאַציע פון די רויטהויטיקע און שוואַרצהויטיקע ראַסן".

אין איינגלאַנד ווערט אַלץ אַ גרעסערער טייל ערד צוגענומען פון דער לאַנדווירטשאַפט און ווערט אָפּגעגעבן פאַר ספּאָרט און אַמוזירונגען פאַר די גבירים. וועגן שאָטלאַנד — דעם סאַמע אַריסטאָקראַטישן אָרט פאַר יאַגד און פאַר אַנדערן ספּאָרט—זאָגט מען אַז „זי לעבט אַדאַנק איר עבר און אַדאַנק קאַרנעדזשי" (אַן אַמעריקאַנער מיליאַרדער). אין איינגלאַנד ווערט יעדן יאָר אויס-געגעבן רק אויף היפּאָדראָמען און אויף יאַגד נאָך כּוקסן 14 מיליאָן פונט סטערלינג (קרוב 130 מיליאָן רובלס), אין איינגלאַנד

איז פאראן ביז א מיליאָן ראַנטיע. דער פּראָצענט פון דער דוקטיווער באַפעלקערונג ווערט קלענער

| די באַפעלקערונג פון איינגלאנד | די צאָל ארבעטער אין די הויפּט־צווייגן פון דער אינדוסטריע (מיליאָנען) | דער % בנוגע צו דער באַפעלקערונג | |
|---|---|---|---|
| 1851 | 17,9 | 4,1 | 23 % |
| 1901 | 32,5 | 4,9 | 15 % |

און דער בורזשואזער פאָרשער פון דעם „בריטאַנישן אימפּעריאַליזם" אין אנהויב פון 20-טן יאָרהונדערט איז געצוואונגען, בעת ער רעדט וועגן דעם איינגלישן ארבעטער-קלאַס, סיסטעמאַטיש דורכצופירן א חילוק צווישן „דעם אויבערשטן שיכט" ארבעטער און „דעם אייגנטליך פּראָלעטאַרישן נידעריקערן שיכט". דער אויבערשטער שיכט גיט ארויס א מאַסע מיטגלידער פון קאָאָפּעראַטיוון און פּראָפעסיאָנעלע פאראיינען, פון ספּאָרט געזעלשאַפטן און פון צאָלרייכע רעליגיעזע חברות. צו זיין שטאַנד איז צוגעפּאַסט דאָס וואַלרעכט. וואָס איז אין איינגלאַנד „נאָך אלץ גענוג באַגרעניצט, כדי אויסצושליסן דעם אייגנטליך פּראָליטאַרישן שיכט", כדי צו פארשענערן די לאַגע פונם איינגלישן אַרבעטער קלאַס רעדט מען געוויינטליך מער ניט ווי וועגן אָט דעם אייבערשטן שיכט, וואָס איז א מינדערהייט פונם פּראָלעטאַריאַט; למשל, „די פראגע וועגן אַרבעטסלאָזיקייט איז דערהויפּט א פראַגע, וואָס רירט אָן לאָנדאָן און דעם פּראָלעטאַרישן נידעריקן שיכט, מיט וועלכן די פּאָליטיקער רעכענען זיך ווייניק" ... גאַנץ וואָלט געדאַרפט זאָגן: מיט וועלכן די בורזשואזע פּאָליטיקאַנער און „די סאָצ אליסטישע" אָפּאָרטוניסטן רעכענען זיך ווייניק.

צו די באַזונדערקייטן פונם אימפּעריאַליזם, וואָס זיינען

פאַרבונדן מיט דעם קרייז דערשיינונגען, וואָס מיר באַשרייבן, געהערט אויך די פאַרקלענערונג פון דער עמיגראַציע פון די אימפעריאַליסטישע לענדער און די פאַרגרעסערונג פון דער עמיגראַציע (דאָס צוקומען פון ארבעטער און איבערוואַנדערונג) אין די דאָזיקע לענדער פון די מער אָפּגעשטאַנענע לענדער, מיט א נידעריקערן שכירות, ווי ס׳מערקט אָן האָבסאָן. פאַלט די עמיגראַציע פון איינגלאַנד פון 1884-טן יאָר; דאָס יאָר האָבן עמיגרירט 242 טויזנט מאַן, און אין 1900-טן יאָר — 169 טויזנט, די עמיגראַציע פון דייטשלאַנד האָט דערגרייכט איר מאַקסימום אין דעם יאָרצענדליג 1881—1890 : 1,453 טויזט, און אין די ווייטערדיקע יאָרצענדליגע איז זי געפאַלן ביז 544 און 341 טויזנט. געוואַקסן האָט דערפאַר די צאָל אַרבעטער, וואָס קומען קיין דייטשלאַנד פון עסטרייך, איטאַליע, רוסלאַנד א. א. וו. לויט דער ציילונג 1907-טן יאָר, איז אין דייטשלאַנד געווען 1.342.294 אויסלענדער, פון זיי אינדוסטריעלע ארבעטער — 440 800, לאַנדווירטשאַפטליכע — 257.329 [98] אין פראַנקרייך זיינען די אַרבעטער פון דער בארג-אינדוסטריע „אין א באַטרעפליכן טייל" אויסלענדער: פוילן, איטאַליענער, שפּאַניער [99]. אין די פאראייניקטע שטאַטן פאַרנעמען די עמיגראַנטן פון מזרח און דרום-איירָאָפּע די אם ערגסטן באַצאָלטע ערטער, און די אַמעריקאַנער אַרבעטער גיבן ארויס א גרויסן פראָצענט אויפזעהער און אזעלכע, וואָס פאַרנעמען די גוטבאַצאָלטע ערטער. דער אימפעריאַליזם האָט א טענדענץ אויסצוטיילן אויך פון די אַרבעטער פריווילעגירטע שיכטן און אָפּצושפּאַלטן זיי פון די ברייטע פּראָלעטאַרישע מאַסן.

מע מוז אָנמערקן, אַז אין איינגלאַנד איז די טענדענץ פונם אימפעריאַליזם צושפּאַלטן די אַרבעטער און צו פאַרשטאַרקן צווישן זיי דעם אפּאָרטוניזם, פאַרויסצורופן א צייטווייליקע פאַלונג פון דער אַרבעטער באַוועגונג איז שוין ניכר געווען א סך פריער, איידער צום סוף פון 19-טן און צום אנהויב פון 20-טן יאָרהונדערט, ווייל די צוויי גרויסע אונטערשיידסשטריכן פונם אימפעריַ

אַליזם זיינען שוין געווען אין איינגלאנד פון מיטן פון פופצעטן יאָרהונדערט, געוואַלטיקע קאָלאָניאַלע נחלאות און צו מאנאפּאָלע לאגע אויפן אַלוועלטליכן מאַרק. מאַרקס און ענגעלס האָבן סיס טעמאַטיש, אין א משך פון א ריי יארצענדליגען נאָכגעשפּירט נאָך אט דעם צוזאַמענהאַנג צווישן דעם אפּאָרטוניזם אין דער ארבעטער באַוועגונג מיט די אימפּעריאַליסטישע באַזונדערקייטן פון דעם איינגלישן קאַפּיטאַליזם. ענגעלס האט, למשל, געשריבן מאַרקסן דעם 7-טן אָקטיאבער 1858-טן יאָר: „דער איינגלישער פּראָלעטאַריאַט ווערט פאַקטיש אלץ מער און מער בורזשואז, און אט דאָס סאַמע בורזשואזע פון אַלע פעלקער וויל, א פּנים, סוף כל סוף, דערגיין צו דעם, אז ער זאָל צוזאַמען מיט דער בורזשואזיע האבן אויך א בורזשואזע אריסטאָקראַטישע און א בורזשואזן פּראָלעטאַריאַט. ס'פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז ביז א געוויסער מאָס רעכטמעסיק פאַר אזא פאָלק, וואָס עקספּלאָאַטירט די גאַנצע וועלט." כמעט מיט פינף און צוואַנציג יאָר שפּעטער רעדט ער אין זיין בריוו פון 11-טן אויגוסט 1881-טן יאר וועגן די איינגלישע טרעד יוניאָנען, וועלכע „דערלאָזן, אז ס'זאָל מיט זיי אנפירן מענטשן, וועלכע זיינען אונטער-עקויפּט פון דער בורזשואזיע אדער וועלכע ווערן, לכל הפחות, פון איר באַצאָלט... און אין זיין בריוו צו קאַאוטסקין פון 12-טן סעפּטיאבער 1882-טן יאר האט ענגעלס געשריבן: „איר פרעגט מיך, וואָס דיינקען די איינגלישע ארבעטער וועגן דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק? דאָס זעלביקע וואס זיי דיינקען בכלל וועגן פּאָליטיק, דאָ איז ניט פאַראַן קיין ארבעטער פּאַרטיי, דאָ זיינען נאָר פאַראַן קאָנסערוואַטיווע און ליבעראַלע דעמאָקראטן, און די ארבעטער נוצן גאַנץ רוהיק אויס בוזאַמען מיט זיי די קאָלאָניאלע מאָנאָפּאָל פון איינגלאַנד און איר מאנאָפּאליע אויף דעם אלוועלטליכן מאַרק."[101] (דאס זעלביקע האָט ענגעלס אויך געזאָגט אין פאָררעדע צו דער צווייטער אויפלאַגע „די לאַגע פונם ארבעטער קלאס אין איינגלאַנד" אין 1892 יאָר).

דאָ זיינען קלאָר אנגעוויזן די סיבות אין די פועל-יוצא'ס, די סיבות: 1) דאָס, וואס דאס געגעבענע לאַנד עקספּלאָטירט די גאַנצע וועלט; 2) זיין מאָנאָפּאָלע לאַגע אויף דעם אלוועלטלכן מארק; 3) זיין קאָלאָניאלע מאנאפּאָל, די פועל יוצא'ס; 4) א טייל פונם אינגלישן פּראָלעטאר אַט ווערט בורזשואַז; 5) א טייל פון אים דערלאזט, אז ס'זאָלן מיט אים אנפירן מענטשן, וואָס זיינען אנטערגעקויפטע פון דער בורזשואזיע, אדער וואָס ווערן לכל הפּחות, פון איר באַצאָלט. דער אימפּעריאַליזם פון אנהויב פון דעם צוואנציגסטן יארהונדערטס האט פאַרענדיקט די צעטיילונג פון דער וועלט דורך א הייפעלע מלוכות, פון וועלכע איטליכע עקס-פּלואטירט איצט (אינם זין פון באקומען אויבער-ריוח) עטוואָס א קלענערן טייל פון דער גאַנצער וועלט, איידער אינגלאנד האט עקספּלואטירט אין 858-טן יאר, איטליכע פון די מלוכות פאַר-נעמט א מאנאפּאָלע לאַגע אויף דעם אַלוועלטליכן מאַרק א דאנק די טרעסטן, קאַרטעלן, דעם פינאנץ-קאַפּיטאַל, פאַרהעלטעניש פונם קרעדיטאר צום בעל-חוב; איטליכע פון זיי האָט ביז א געוויסער מאָס א קאָלאָניאַלע מאנאפּאָל (מיר האָבן געזעהן, אז פון די 75 מיליאָן קוואדראַט קילאָמעטער פון אלע קאָלאָניעס, אז 65 מיליאָן, דאס הייסט 86⁰/₀ איז קאָנצענטרירט אין די הענט פון זעקס מלוכות, 61 מיליאָן, דאס הייסט 81⁰/₀ איז קאָנצענ-טרירט אין די הענט פון דריי מלוכות).

איצטערדיקע לאַגע אונטערשיידט זיך מיט אַזעלכע עקאָנאָ-מישע און פּאָליטישע באדינגונגען, וועלכע האבן געמוזט טיפער-מאכן דעם תהום צווישן דעם אפּארטוניזם מיט די אלגעמיינע און ראדיקאַלע אינטערעסן פון דער ארבעטער באוועגונג; דער אימ-פּעריאַליזם איז פון אן עמבריאָ אויסגעוואקסן אין א הערשנדי-קע סיסטעם; די קאַפּיטאַליסטישע מאנאפּאלן האָבן פאַרנימען דעם ער-שטן ארט אין דער פאלקס-ווירטשאפט און אין דער פּאָליטיק; די צעטיי-לונג פון דער וועלט איז דערפירט ביזן סוף און פון דער אנדער זייט, זעהען מיר, אנשטאט דער איינציקער מאָנאָפּאָל פון אינגלאנד,

א קאַמף צווישן א קליינער צאָל אימפּעריאַליסטישע מלוכות פאַרן אַנטייל נעמען אין דער מאָנאָפּאָל, א קאַמף, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם גאַנצן אנהייב פונם צוואַנציגסטן יאָרהונדערט. דער אָפּאָרטוניזם קען שוין איצט ניט בלייבן דער פולשטענדיקער זיגער אין דער אַרבעטער באַוועגונג פון איין לאַנד אויף א לאַנגע צייט, ווי ס'האָט געזיגט דער אָפּאָרטוניזם אין ענגלאַנד אין דער צווייטער העלפט פון נייַנצעטן יאָרהונדערט. נאָר ער איז שוין ענדגילטיק צייטיק געוואָרן, האָט שוין איבערגעוואַקסן און איז שוין צעפוילט געוואָרן אין א רייע לענדער וואו ער האָט זיך, ווי א סאָציאַל־שאָוויניזם, צונויפגעגאָסן מיט דער בורזשואזער פּאָליטיק.[102]

## 9. די קריטיק פונם אימפּעריאַליזם.

מיר פאַרשטייען די קריטיק פונם אימפּעריאַליזם אינם ברייטן זין פונם וואָרט ווי א באַציהונג צו דער פּאָליטיק פונם אימפּעריאַליזם מצד פאַרשיידענע קלאַסן פון דער געזעלשאַפט אין צוזאַמענהאַנג מיט זייער אַלגעמיינער אידעאָלאָגיע.

די גיגאַנטישע מאַסשטאַבן פונם פינאַנץ־קאַפּיטאַל, וואָס איז קאָנצענטרירט ביי א קליינער צאָל הענט און וואָס שאַפט אן אויסערגעוויינלעך ברייט פאַרשפּרייטענע און געדיכטע נעץ פון פאַרהעלטענישן און פאַרבינדונגען, וואָס מאַכט פאַר אים אונטערטעניק ניט נאָר די מיטעלע און די קליינע, נאָר אויך די קלענערע קאַפּיטאַליסטן און באַלעבעטימלעך — פון איין זייט, און דער פאַרשאַרפטער קאַמף מיט אַנדערע נאַציאָנאַל־מלוכהשע גרופּעס פינאַנציסטן פאַר דער צעטיילונג פון דער וועלט און פאַר דער הערשאַפט איבער די איבעריקע לענדער, פון דער אַנדערער זייט, — דאָס אַלץ איז גורם אַן אַלגעמיינעם איבערגאַנג פון די פאַרמעגליכע קלאַסן אויפן צד פון אימפּעריאַליזם. „אַלע" ריידן מיט התלהבות פון זיינע פּערספּעקטיוון, אַלע פאַרטיידיקן אים מוראדיק, אַלע פאַרפּוצן אים אויף וויפל ס'איז נאָר מעגליך — אָט דאָס איז דער לאָזונג פון אונזער צייט. די אימפּעריאַליסטישע

אידעאָלאָגיע דרינגט אַריין אויך אין אַרבעטער קלאַס. ער איז ניט אָפּגעזונדערט מיט אַ כינעזישער וואַנט פון די איבעריקע קלאַסן. אויב די פירער פון דער איצטיקער, אַזוי גערופענער, „סאָציאַל-דעמאָקראַטישער״ פאַרטיי פון דייטשלאַנד האָבן מיט גערעכטיקייט באַקומען דעם נאָמען „סאָציאַל-אימפּעריאַליסטן״, דאָס הייסט, סאָציאַליסטן לויט זייערע רייד און אימפּעריאַליסטן לויט זייערע מעשים, האָט האָבסאָן נאָך אין 1902-טן יאָר אָנגעמערקט די עקזיסטענץ פון „פאַביאַנישע אימפּעריאַליסטן״ אין ענגלאַנד, וועלכע געהערן צו דער אָפּאָרטוניסטישער „פאַביאַנער געזעלשאַפט״.

די בורזשואַזע געלערטע און פובליציסטן טרעטן אַרויס צו פאַרטיידיקן דעם אימפּעריאַליזם, געוויינטלעך, אין אַ ביסל אַ באַהאַלטענער פאָרם; זיי פאַרשמירן די פולשטענדיקע הערשאַפט פונם אימפּעריאַליזם און זיינע טיפע וואָרצלען; זיי זעהען אַרויסצושטעלן אויפן פאָדערגרונט פּרטים און נישטיקע קלייניקייטן; זיי באַמיהען זיך אָפּצוציהען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם עצם ענין דורך גאַנץ ניט ערנסטע פּראָיעקטן פון „רעפאָרמען״, ווי פּאָליציייאישע השגחה איבער די טרעסטן אָדער איבער די בּאַנק וכדומה. זעלטענער טרעטן אַרויס ציניש, אָפנהאַרציקע אימפּעריאַליסטן, וועלכע זיינען גענוג דרייסט אויף אָנצוערקענען דעם אומזין פונם געדאַנק וועגן „רעפאָרמיר״ די גרונט-אייגנשאַפטן פונם אימפּעריאַליזם.

לאָמיר ברענגען איין ביישפּיל. די דייטשישע אימפּעריאַליסטן באַמיהען זיך נאָכצוקוקן אין דער אויסגאַבע „דער אַרכיוו פון דער וועלט-ווירטשאַפט״ נאָך די נאַציאָנאַל באַפרייאונגס-באַוועגונגען אין די קאָלאָניעס, בפרט, פאַרשטייט זיך, אין די ניט-דייטשישע. זיי ווייזן אָן אויף אַ צערודערונג און פּראָטעסטן אין אינדיען, אויף אַ באַוועגונג אין נאַטאַל (דרום-אַפריקע), אין האָלענדישער אינדיען און אַ וו. איינער פון זיי אין אַ באַמערקונג וועגן אַן ענגלישער אויסגאַבע, וואָס גיט אַ באַריכט

וועגן דער קאָנפערענץ פון אונטערטעניקע פעלקער און ראסעס, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 28—30 יולי 1910 פון פאָרשטייער פון פארשיידענע אונטערטעניקע פעלקער פון אַזיען, אַפריקע, איראָפּע, בעת ער שאַצט גאָר די רעדעס, וואָס זיינען געהאלטן געוואָרן אויף דער דאָזיקער קאָנפערענץ, שרייבט אָט וואָס: „מע זאָגט אונז, אז מע מוז קעמפן מיטן אימפעריאליזם; די הערשעדיקע מלוכות מוזן אנערקענען דאס רעכט אויף זעלבסט־שטענדיקייט פון די אונטערטעניקע פעלקער; א אינטערנאציאָנאַלער טריבונאַל דאַרף אַכטונג געבן, ס'זאָלן אויסגעפירט ווערן די אָפּמאכן, וואָס זיינען געשלאָסן צווישן די גרויסע מלוכות און די שוואכע פעלקער. די קאָנפערענץ גייט ניט ווייטער פון אָט די אומשולדיקע ווונטשן. מיר זעהען דאָ קיין שפור ניט פון פאַרשטיין יענעם אמת, אז דער אימפעריאליזם איז אייננג צוזאמענגעבונדן מיטן קאפיטאַליזם אין זיין איצטערדיקער פאָרם און אז דער דירעקטער קאַמף מיטן אימפעריאליזם וועט דער בער (!!) קיין שום נוצן ניט ברייננגען, סיידן אויב מע זאָל זיך באגנוגן מיט אַרויסטרעטונגען קעגן איינצלנע, באזונדערע עקלדיקע עקסצעסן" [103]).

די פראגן וועגן דעם, צי איז מעגליך אויפן רעפארמיסטישן אופן צו ענדערן די יסודות פונם אימפעריאליזם, צי דארף מען גיין פאראויס, צו דער ווייטערדיקער פארשארפונג און פארטיפונג פון די סתירות, וועלכע זיי רופן ארויס, אדער מע דארף גיין צוריק, צו זייער פארטעמפונג, דאס זיינען ראדיקאלע פראגן פאר דער קריטיק פונם אימפעריאליזם. אזוי ווי די פאלטישע אייגנטימליכקייטן פונם אימפעריאליזם זיינען די אומעטומיקע רעאקציע און די פארשטארקונג פונם נאציאנאלן דרוק אין צוזאמענהאנג מיטן דרוק פון דער פינאנץ-אליגארכיע און דער באזייטיקונג פון דער פרייער קאנקורענץ, טרעט דער בער ארויס די קליינבירגערליך-דעמאקראטישע אפאזיציע קעגן אימפעריאליזם כמעט אין אלע אימפעריאליסטישע לענדער פון אנהויב פון צוואנציגסטן יארהונדערטס. און טאקע אין

דעם באשטייט דאס, וואס קאאוטסקי און דער ברייטער אינטערנאציאנאלער קאאוטסקיאניזם האבן איבערגעריסן מיטן מארקסיזם, וואס קאאוטסקי האט ניט נאר ניט געזאגט, ער האט ניט נאר ניט געפינען, ווי צו שטעלן זיך אנטקעגן אט דער קליינבירגערליכער רעפארמיסטישער, רעאקציאנערער, לויט איר עקאנאמישן יסוד אפאזיציע, נאר ער האט זיך פראקטיש מיט איר צונויפגעגאסן.

אין די פאראייניקטע שטאטן האט די אימפעריאליסטישע מלחמה קעגן שפאניען אין 1898-טן יאר ארויסגערופן אן אפאזיציע פון די „אנטי־אימפעריאליסטן", פון די לעצטע שרידים פון דער בורזשואזער דעמאקראטיע, וועלכע האבן געהאלטן די דאזיקע מלחמה פאר א „פארברעכערישע", וועלכע האבן געהאלטן, אז מיטן אנעקסירן פרעמדע לענדער איז מען עובר די קאנסטיטוציע, וועלכע האבן ערקלערט פאר א „אבנארעריי" פון די שאוויניסטן די באהאנדלונג מיט אגווינאלדא, דעם פירער פון די ארטיקע איינוואוינער פון די פיליפינעס (מע האט אים צוגעזאגט, אז זיין לאנד וועט בלייבן פריי, און דערנאך האט מען געשיקט אויף די אינזלען אן אמעריקאנער ארמיי און מע האט אנעקסירט די פיליפינעס), וועלכע האבן ציטירט לינקאלנס ווערטער: „ווען א ווייסער מענטש פארוואלטעט איבער זיך אליין און נאך איבער אנדערע, איז עס שוין ניט קיין זעלבסטפארוואלטונג, דאס איז שוין דעספאטיזם"[104]. נאר כל זמן אט די גאנצע קריטיק האט מורא געהאט צו אנערקענען דעם פעסטן צוזאמענבונד צווישן דעם אימפעריאליזם מיט די טרעסטן און, הייסט עס, מיט די יסודות פונם קאפיטאליזם, כל זמן זי האט מורא געהאט צו גיין פאראיינס מיט די כוחות, וואס ווערן ארויסגערופן דורכן קאפיטאליזם און דורך זיין אנטוויקלונג, איז זי פארבליבן מער ניט, ווי „אן אומשולדיקער וואונטש".

פונקט אזא איז אויך האבסאנס גרונט-פאזיציע אין זיין קריטיק פונם אימפעריאליזם. האבסאן האט נאר מקדים געווען קאאוטסקין, ווען ער האט זיך ארויסגעזאגט קעגן „דער אומפארמיידליכקייט פונם אימפעריאליזם" און האט אפעלירט צו דער נויטיקייט „אויפצוהויבן די

געברויך-פיהיקייט פון דער באפעלקערונג" (אין דער קאפיטאליס טישער ארדנונג) אויך די ניט איינמאל פון אונז ציטירטע אגאד' א לאנדסבורג, ל. עשוועגע, און פון די פ אנצויזישע שרייבערס וויקטאר בעראר, דער אוטאר פון דעם ניט ערנסטן בוך „איינגיאנד און דער אימפעריאליזם", וואס איז אויס אין 1900-טן יאר, אויך זיי שטייען אויף א קליינבירגערלכן שטאנדפונקט אין דער קריטיק פונם אימפעריאליזם, פון דער אלמעכטיקייט פון די בייגק, פון דער פינאנץ-אליגארכיע און א. וו. זיי אלע, לגמרי ניט פרעטענדירנדיק צו זיין מארקסיסטן, שטעלן אנטקעגן דעם אימפעריאליזם די פרייע קאנקורענץ און די דעמאקראטיע, זאגן ארויס זייער אומצופרידנקייט מיט דעם „איינפאל" וועגן דער באגדאדער אייזנבאן, וואס וועט פירן צו קאנפליקטן און צו מלחמה, זאגן ארויס „אומשולדיקע ווונשן" וועגן שלום און א. וו.; דאס טוען אלע, ניט אויסגעשלאסן אויך דעם סטאטיסטיקער פון אינטערנאציאנאלע עמיסיעס א. ניימארק, וועל-כער האט אויסגעשריבן אין 1912 טן יאר, ביים אויפציילן די הונ-דערטער מיל' אדן פראנק „אינטערנאציאנאלע" ווערטן: צי קען מען דען מיינען, אז ס'ו עט געשטערט ווערן דער שלום?.. צי וועט מען גיין בא אזעלכע קלאסאלע ציפערן אויף ארויסצורופן א מלחה?"[105]

מצד בורזשואזע עקאנאמיסטן איז ניט קיין וואונדער אזא נאאיוקייט; און זיי לוינט טאקע זיך פארשטעלן פאר אזעלכע נאאיווע און ערנסט ריידן וועגן שלום ביים אימפעריאליזם. נאר וואס איז פארבליבן פונם מארקסיזם בא קאאוטסקין, ווען ער שטעלט זיך אין 1914, 15, 16-טע יארן אויף דעמזעלביקן בורזשואז-רעפאר-מיסטישן שטאנדפונקט און פארזיכערט אז „אלע זיינען מסכים" (אימפעריאליסטן, כלומרשט-סאציאליסטן און סאציאל-פאציפיסטן) אין דער פראגע וועגן שלום, אנשטאט, צו אנאליזירן און אויפצודעקן די טיפקייט פון די סתירות פונם אימפעריאליזם, גיט ער אונז מער ניט ווי נאך א רעפארמיסטישן, „אומשולדיקן וואונש" אפצושאקלען זיך, אויסצודרייען זיך די דאזיקע סתירות

אט איז א מוסטער פון קאאוטסקיס עקאנאמישער קריטיק

פינם אימפעריאליזם. ער נעמט די ציפערן פון עקספארט און אימפארט פון עגיפטן קיין איינגלאנד פאר די יארן 1872 און 1912; עס ווייזט זיך ארויס, אז דער דאזיקער עקספארט און אימפארט איז געוואקסן שוואכער, איידער דער אלגעמיינער עקספארט און אימפארט פון איינגלאנד. און קאאוטסקי מאכט דעם אויספיר: מיר האבן קיין שום גרונט ניט צו מיינען, אז, אויב עגיפטן וואלט ניט פארנומען געווארן מיט מיליטערישער קראפט, וואלט זיך דער האנדל מיט אים ווייניקער אנגעוויקלט אונטער דער השפעה פון דער פשוטער ווירקונג פון עקאנאמישע „פאקטארן". „די שטרעבונגען פונם קאפיטאל צו פארברייטערונג קענען בעסער פון אלץ דערגרייכט ווערן ניט דורך די געוואלט-מיטלען פונם אימפעריאליזם, נאר דורך א פרידליכער דעמאקראטיע". 106

אט דער קאאוטסקיס געדאנק וועלכן ס'חזרן נאך אים אויף הונדערטערליי אופנים זיינע רוסלענדישע אנהייגער, איז דער יסוד פון זיין קריטיק פונם אימפעריאליזם, און מיר מוזן זיך דעריבער אפשטעלן אויף אים אויספירליכער. לאמיר אנהייבן מיט א ציטאט פון הילפערדינגען, וועמעס אויספירן קאאוטסקי האט ניט איינמאל, און אויך אין אפרעל 1915-טן יאר, דערקלערט „פאר איינשטימיק אנגענומענע פון אלע סאציאליסטישע טעארעטיקער".

„ס'איז ניט די ארבעט פונם פראלעטאריאט,-שרייבט הילפערדינג,-אנטקעגנצושטעלן דער מער פראגרעסיווער קאפיטאליסטישער פאליטיק די תקופה פון פרייען האנדל און פון פיינטליכער באציהונג צו דער מלוכה, די תקיפה, וואס איז שוין אריבערגעגאנגען. אויף די עקאנאמישע פאליטיק פון דעם פינאנץ-קאפיטאל, אויפן אימפעריאליזם, דארף דער פראלעטאריאט ענטפערן ניט מיט פרייען האנדל, נאר מיטן סאציאליזם. דער צוועק פון דער פראלעטארישער פאליטיק קען איצט זיין ניט אזא אידעאל, ווי צוריק אויפשטעלן די פרייע קאנקורענץ—ער האט זיך שוין איצט פארוואנדלט אין א רעאקציאנערן אידעאל—נאר רק די פולשטענדיקע פארניכטונג פון דער קאנקורענץ דורך די אפשאפונג פונם קאפיטאליזם. 107

קאאוטסקי האט איבערגעריסן מיטן מארקסיזם. ווען ער פאר-טיידיקט פאר דער תקופה פונם פ נאנץ-קאפיטאל א „רעאקציאנערן אידעאל", א „פריידליכע דעמאקראטיע", א פשוטן דרוק פון עקאנא-מישע פאקטארן, ווייל אט דער אידעאל שלעפט אונז א ב י ע ק ט י ו ו אויף צוריק, פון דעם מאנאפאליסטישן קאפיטאליזם צו דעם ניט-מא-נאפאליסטישן איז דאס א רעפארמיסטישע אפנארער".

דער האנדל מיט עגיפטן (אדער מיט אן אנדער קאלאניע אדער מיט א האלב קאלאניע) „וואלט זיך אנטוויקלט" שטארקער אן מיליטערישער אקופאציע, אן דעם אימפעריאליזם, אן דעם פי-נאנץ-קאפיטאל. וואס באטייט עס? אז דער קאפיטאליזם וואלט זיך אנטוויקלט גיכער, ווען די פרייע קאנקורענץ וואלט ניט געווען באגרעניצט ניט דורך מאנאפאלן בכלל, ניט „דורך" פארבינדונגען", אדער דורכן דרוק (דאס הייסט אויך דורך מאנאפאלן פונם פינאנץ-קאפיטאל, ניט דורך מאנאפאלער באזיצן הערשאפט איבער די קא-לאניעס מצד איינצלנע לענדער)?

קיין אנדער זין קענען קאאוטסקיס געדאנקען ניט האבן. זאל זיין, אז יאָ, אַז די פרייע קאָנקירענץ, וואָלט אָן שום מאָנאָפּאָלן, גיכער אַנטוויקלט דעם קאַפּיטאליזם און דעם האַנדל, נאָר וואס גיכער עס גייט די אנטוויקלונג פונם האַנדל און פונם קאַפּיטאַליזם, אַלץ שטאַרקער איז די קאָנצענטרירונג פון דער פּראָדוקציע און פונם קאַפּיטאַל, פון וועלכער ס'ווערט געבוירן די מאָנאָפּאָל. און די מאָנאָפּאָלן זיינען שוין טאַקע געבוירן געוואָרן און טאַקע פון דער פרייער קאָנקורענץ! אויב אַפילו די מאָנאָפּאָלן מאַכן איצט לאַנגזאַמער די אנטוויקלונג, איז עס פונדעסטוועגן ניט קיין ראיה לטובת דער פרייער קאָנקורענץ, וועלכע איז אַן אוממעגליכע זאַך נאכדעם, ווי זי האט געבוירן די מאָנאָפּאָל.

אויב מע זאָל אויסבעסערן דעם דאָזיקן געדאַנק און זאָגן, ווי עס זאגט ספעקטאַטאָר: דער האנדל פון די איינגלישע קאָלאָ-ניעס מיט איינגלאנד אַנטוויקלט זיך איצט לאנגזאַמער, איידער דער האנדל מיט די איבעריקע לענדער — וועט עס אויך ניט ראַטעווען

קאַאוטסקין, ווייל איי גלאַנד ווערט באזיגט אויך דורך אַ מאָנאָפּאָל אויך דורכן אימפּעריאַליזם, נאָר פון אַן אנדער לאַנד (פון אַמע־ריקע און דייטשלאַנד), ס'איז באַוואוסט, אז די קארטעלן האבן געבראַכט צו שוץ־אָפּצאָלונגען פון אַ נייעם, אָריגינאַלן טיפּ: ס'ווערן באַשיצט (דאס האט אָנגעמערקט ענגעלס אין דריטן באַנד „קאַפּיטאַל") בעראַדע יענע פּראָדוקטן, וועלכע זיינען מסוגל עקס־פּאָרטירט צו ווערן. ס'איז ווייטער באַוואוסט די סיסטעם, וואס ליגט בטבע פון די קארטעלן און פונם פינאַנץ־קאַפּיטאל „צו עקס־פּאָרטירן פאר שליידער־מקחים". „ארויסצושליידערן", ווי ס'דריקן זיך אויס די איינגלענדער. אינעווייניק אינם לאַנד פארקויפט דער קארטעל זיינע פּראָדוקטן פאר אַ מאָנאָפּאָליסטיש הויכן פרייז, און אין אויסלאַנד פארקויפט ער זיי כמעט ווי אומזיסט, כדי אונטער־צורייסן דעם קאָנקורענט, כדי צו פארברייטערן ביזן מאַקסימום זיין פּראָדוקציע און א. וו. אויך דייטשלאַנד האָט גיכער איידער איינגלאַנד, אַנטוויקלט זיין האַנדל מיט די איינגלישע קאָלאָניעס — באַווייזט עס נאָר, אַז דער דייטשער אימפּעריאַליזם איז פרישער, שטאַרקער, אָרגאַניזירטער, העכער פארן איינגלישן, נאָר דאָס באַ־ווייזט להלוטין ניט „די איבערוואָג" פון דעם פרייען האַנדל, ווייל דאָ קעמפט ניט דער פרייער האַנדל מיטן פּראָטעקציאָניזם, מיט קאָלאָניאַלער אָפּהיינגיקייט, נאָר דאָ קעמפט איין אימפּעריאַליזם מיטן צווייטן, איין מאָנאָפּאָל מיט דער צווייטער, איין פינאַנץ־קאַפּיטאַל מיטן צווייטן, די איבערוואָג פונם דייטשן אימפּעריאליזם איבערן ענגלישן איז שטאַרקער, איידער די וואַנט פון קאָלאָניאַלע גרעניצן אָדער פון שוץ־אָפּצאָלונגען; נעמען דאס פאר „אַ ראיה" פארן פרייען האַנדל. און פאר „פרידליכער דעמאָקראַטיע" הייסט פארגעסן די גרונטשטריכן און אייגנשאַפטן פונם אימפּעריאַליזם, דאס הייסט פארביטן דעם מאַרקסיזם מיט קליינבירגערליכן רע־פאָרמיזם.

ס'איז אינטערעסאַנט, וואס דער בורזשואזער עקאָנאָמיסט א. לאַנסבורג, וועלכער קריטיקירט דעם אימפּעריאַליזם פונקט אַזוי

אויבנאויפיק ווי קאאוטסקי, איז געקומען פונדעסטוועגן צו א מער וויסנשאפטליכער ב ארבעטונג פון די מאטעריאלן פון דער האנדלס-סטאטיסטיק. ער האט פארגליכן ניט גאר איין צופעליק גענומען לאנד, און ניט נאר א ן קאלאניע מיט די איבעריקע לענדער, נאר ער האט פארגליכן דעם עקספארט פון א אימפעריאלי טישן לאנד, 1) אין די לענדער, וואס זיינען פין אים אפהיינגיק, וואס לייען בא אים געלטא און 2) אין לענדער, וואס זיינען פינאנציעל אומאפ-היינגיק, ס'האט זיך באקומען אט וואס:

דער עקספארט פון דייטשלאנד (מיליאנען מארק)

| | | 1889 | 1908 | פארגרעסערט |
|---|---|---|---|---|
| אין לענדער, וואס זיינען פינאנציעל אפהיינגיק פון דייטשלאנד | רומעניע | 48,2 | 70,8 | 47% |
| | פארטוגאליע | 19,0 | 32,8 | 73% |
| | ארגענטינע | 60,7 | 147,0 | 143% |
| | בראזיליע | 48,7 | 84,5 | 73% |
| | טשילי | 28,3 | 52,4 | 85% |
| | טערקיי | 29,9 | 64,0 | 114% |
| | סך הכל | 234,8 | 451,5 | 92% |
| אין לענדער, וואס זיינען פינאנציעל אומאפהינגיק פון דייטשלאנד | איינגלאנד | 651,8 | 997,4 | 53% |
| | פראנקרייך | 210,2 | 437,9 | 108% |
| | בעלגיען | 137,2 | 322,8 | 135% |
| | שווייץ | 177,4 | 401,4 | 127% |
| | אויסטראליען | 21,2 | 64,5 | 205% |
| | האלענד. אינדיען | 8,8 | 40,7 | 363% |
| | סך הכל | 1,206,6 | 2,264,4 | 87% |

לאנדסבורג האט ניט אונטערגעפירט קיין סך-הכלס

און האט דעריבער אויף א משונה'דיקן אופן ניט באמערקט, אז אויב די דאזיקע ציפערן דערווייזן יא עפעס, דערווייזן זיי עס קעגן אים, ווייל דער עקספארט אין פינאנציעל-אפהייניגיקע לענדער איז, הגם ניט אויף קיין סך, נאך דאך געוואקסן גיכער, איידער אין די פינאנציעל-אומאפהייניגיקע, (מיר שטרייכן אונטער „אויב." ווייל לאנסבורגס סטאטיסטיק איז ווייט ניט קיין פולע).

אויספארשנדיק דעם צוזאמענבונד, וואס איז פאראן צווישן עקספארט און הלוואות, שרייבט לאנסבורג:

„אין 1899 איז געשלאסן געווארן די רומיינישע הלוואה דורך דער פארמיטלונג פון די דייטשישע ביינק, וואס האבן שוין פריער אויף דעם סמך געליען געלט. די הלוואה האט דער עיקר געדינט אויף איינצוקויפן אייזנבאן-מאטעריאלן, וועלכע מע פלעגט באקומען פון דייטשלאנד. אין 1891-טן האט דייטשלאנד עקספארטירט קיין רומיניע אויף 55 מיל און מארק. אויפן צווייטן יאר איז דער עקספארט געפאלן ביז 39,4 מיליאן און, מיט הפסקות, איז ער געפאלן ביז 25,4 מיליאן, אין 1900-טן יאר. ערשט די סאמע לעצטע יארן האט ער ווידער דערגרייכט בין דער הויך פון 1891-טן יאר, א דאנק צוויי נייע הלוואות.

„דער דייטשישער עקספארט קיין פארטוגאל איז אויסגעוואקסן מחמת די הלוואות פון 1888 ביז 21,1 מיליאן (1890); אין די ווייטערדיקע צוויי יאר איז ער געפאלן ביז 16,2 און 7,4 און האט ערשט אין 1903-טן יאר געשטיגן ביז זיין פריערדיקער הויך.

„נאך בולטער זיינען די ציפערן וועגן דעם דייטשיש-ארגענטינישן האנדל. א דאנק די הלוואות פון 1887 און 1890 האט דער דייטשישער עקספארט קיין ארגענטינע דערגרייכט אין 1889-טן יאר ביז 60,7 מיליאן. אין צוויי יאר ארום איז דער עקספארט געווען אינגאנצן אויף 18,6 מיליאן. ווייניקער ווי א דריט חלק פונם פריערדיקן. ערשט אין 1910-טן יאר האט דער עקספארט געשטיגן און איז געווארן גרעסער פארן עקספארט פון 1889-טן יאר, און דאס איז געווען פארבונדן מיט נייע מלוכהשע און שטאטישע הלוואות, מיט ארויס

געבן געלט אויף צו בויען עלעקטרישע פאבריקן און מיט אנדערע קרעדיט אפעראציעס.

„דער עקספארט קיין טשילי איז גרעסער געווארן אדאנק דער הלואה פון 1889-טן יאר, ביז 45,2 מיליאן (1892) און דערנאך, אין א יאר ארום, איז ער געפאלן ביז 22,5 מיליאן, נאך א נייער הלואה, וואס איז געמאכט געווארן דורך דער פארמיטלונג פון די דייטשישע ביינק אין 1906-טן יאר, האט דער עקספארט געשטיגן ביז 84,7 מי־ליאן (1907), און איז ווידער געפאלן ביז 52,4 מיליאן אין 1908-טן יאר". [108]

פון אט די פאקטן ברייגנגט לאנסבורג ארויס יענע קאמישע קליינבירגערליכע מאראל, ווי ניט פעסט און ניט גלייכמעסיק ס'איז דער עקספארט, וואס ס'איז פארבונדן מיט הלואות, ווי ניט גוט עס איז ארויסצופירן די קאפיטאלן קיין אויסלאנד, אנשטאט צו אנט־וויקלען „נאטירליך" און „הארמאניש" די אייגענע אינדוסטריע, ווי „טייער" ס'קאסט קרופן דער פיל מיליאניקער שוחד בא די אויסלענ־דישע הלואות. נאר די פאקטן ריידן קלאר: די העכערונג פונם עק־ספארט איז גראדע פארבונדן מיט די שווינדלערישע געשעפטן פונם פינאנץ-קאפיטאל, וועלכער זארגט ניט וועגן דער קליינבירגער־ליכער מאראל און שינדט אראפ פונם אקס צוויי הויטן: ערשטנס, ריוח פון דערזעלביקער הלואה, ווען זי ווערט אויסגעגעבן אויף איינ־צוקויפן קרופ'ס פראדוקטן, אדער די אייזנבאן-מאטעריאלן פון דעם שטאל-סינדיקאט און א. וו.

מיר זאגן נאך אמאל, אז מיר האלטן לגמרי ניט לאנסבורג'ס סטאטיסטיק פאר א פולקאמענע, נאר מע האט זי געמוזט ברייגנגען, ווייל זי איז וויסנשאפטליכער, איידער קאאוטסקיס סטאטיסטיק, ווייל לאנסבורג האט אנגעמערקט א ריכטיקן צוטרעט צו דער פראגע, ווען ס'האנדלט זיך וועגן דער באטייטונג פונם פינאנץ-קאפיטאל אין ענין פון עקספארט ספעציעל און נאר אין צוזאמענהאנג מיט די שווינד־לערייען פון די פינאנסיסטן, ספעציעל און נאר אין צוזאמענהאנג מיטן פארקויף פון די קארטעל-פראדוקטן און א. וו. פשוט אבער

פארגלייכן קאלאניעס בכלל און ניט-קאלאניעס, איין אימפעריאליזם מיט א צווייטן אימפעריאליזם, איין האלב קאלאניע אדער קאלאניע (עגיפטן) מיט אלע אביעריקע לענדער — הייסט גיין פארביי און פארשמירן געראדע דעם עצם ענין.

און טאקע דערפאר האט קאאוטסקיס טעארעטישע קריטיק פונם אימפעריאליזם קיין שום שייכות ניט צום מארקסיזם. טאקע דערפאר טויג זי נאר ווי א צוטרעט אויף צו פריידיקן שלום און איינהייט מיט די אפארטוניסטן און ס ציאל-שאוויניסטן, ווייל די דאזיקע קריטיק גייט פארביי און פארשמירט געראדע די טיפסטע און ראדיקאלסטע סתירות פונם אימפעריאליזם; די סתירה צווישן מאנאפאל און דער האנט בא האנט מיט זיי עקזיסטירעדיקער פרייער קאנקורענץ. צווישן די גיגאנטישע „אפעראציעס" (און גיגאנטישע רווחים) פונם פינאנץ קאפיטאל און דעם „ערנטליכן" האנדל אויפן פרייען מארק, צווישן די קארטעלן און טרעסטן פון איין זייט, און דער ניט-קארטעלישער אינדוסטריע - פון דער אנדער זייט און א. וו.

פונקט אזא אפגעשטאנענעם כאראקטער טראגט אויך, ווי מיר האבן אויבן געזעהן, די אויסגעטראכטע פון קאאוטסקין בארימטע טעאריע פון „אולטרא אימפעריאליזם". 109)

אין דער אמתן, ס'איז גענוג צו פארגלייכן די אלעמען באוואוסטע און ספעקטיקע פאקטן, כדי צו איבערצייגן זיך אין דעם, אויף וויפל ס'זיינען פאלש די פערספעקטיוון. וועלכע קאאוטסקי באמיהט זיך איינצורעדן בא די דייטשע ארבעטער (און אויך בא די ארבעטער פון אלע לענדער), לאמיר נעמען אינדיען, הינדא-כינע, און כינע ס'איז באוואוסט, אז אט די דריי קאלאניאלע און האלב קאלאניאלע לענדער מיט אב באפעלקערונג 6—7 הונדערט מיליאן ווערן עקספלואטירט פון דעם פינאנץ קאפיטאל פון עטליכע אימפעריאליסטישע מלוכות: איינגלאנד, פראנקרייך, יאפאן, פאראייניקטע שטאטן און א.וו. זאל זיין, אז אט די אימפעריאליסטישע לענדער וועלן זיך פאראייניקן אין פארבאנדן, איינס קעגן דאס צווייטע, מיט'ן צוועק צו באשיצן אדער צו פארברייטערן זייערע נחלאות-אינטערעסן און ווירקונגס-

ספּערס" אין די אנגערופענע אזיאטישע מלוכות, דאס וועלן זיין „ווניגער-אימפּעריאַליסטישע" פאַרבאַנדן. זאל זיין, אז אַלע אימפּעריאַליסטישע בעל כוחות וועלן בילדן אַ פאַרבאַנד כדי אויף אַ „פרידליכן אופן" צו צעטיילן די אנגערופענע אזיאטישע לענדער — דאס וועט זיין אַן „אינטערנאַציאנאַל-פאַראייניקטער פינאַנץ-קאַפּיטאַל". פּראַקטישע ביישפּילן פון אזא פאַרבאַנד זיינען פאַראַן אין דער געשיכטע פון 20טן יאָרהונדערט, למשל, אין די באַציהונגען פון די מלוכות צו כינע. פרעגט זיך, צי ס'איז „מעגליך" פאָרצושטעלן זיך, אז באַם ס'זאַל איינגעהאַלטן ווערן דער קאַפּיטאַליזם (און אזא תנאי האַט דאָך אין זינען קאַאוטסקי) וועלן אזעלכע פאַרבאַנדן זיין ניט קיין קורצזייטיקע? אַז זיי וועלן אָפּשאַפן די רייבונגען, קאָנפליקטן און דעם קאַמף אין כלערליי פאָרמען?

ס'איז גענוג קלאָר אויעקצושטעלן אַט די פראַגע, כדי צו זעהן, אַז קיין אַנדער תשובה, חוץ אַ נעגאַטיווער, קען אויף איר ניט געגעבן ווערן, ווייל ביים קאַפּיטאַליזם קען קיין אַנדער יסוד ניט זיין אויף צו צוטיילן די ווירקונגס ספּערעס, די אינטערעסן, די קאָלאָניעס און א.וו. אחוץ דער קראַפט פון די אנטיילנעמער און דער חלוקה, פון זייער אַלגעמיין-עקאָנאָמישער, פינאַנציעלער, מיליטערישער קראַפט און א.וו., און די קראַפט ענדערט זיך ניט אין אַ גלייכער מאָס בא די דאָזיקע אנטיילנעמער אין דער חלוקה, ווייל ביים קאַפּיטאַליזם איז אוממעגליך אַ גלייכמעסיקע אַנטוויקלונג פון אייצעלנע אונטערנעמונגען, טרעסטן אינדוסטריע-צווייגן, לענדער. מיט פופציג יאָר צוריק האָט דייטשלאַנד פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ נעבעכדיקן גאָרנישט, אויב מע זאַל פאַרגלייכן איר עקאָנאָמישע קראַפט מיט דער קראַפט פון דעם דאַמאָלסדיקן ענגלאַנד; דאס זעלביקע איז אויך געווען יאַפּאַן אין פאַרגלייך מיט רוסלאַנד. צי קען מען זיך דען פאָרשטעלן, אַז אין צען - צוואַנציג יאָר אַרום זאָל בלייבן אומפאַרענדערט די כוחות פאַרהעלטניסן צווישן די אימפּעריאַליסטישע מלוכות? אבסאָלוט אוממעגליך.

און די „אַ נט-ר-אימפּעריאַליסטישע" אָדער „אולטראַ-אימ-

פּעריאַליסטישע" פאַרבאַנדן אין דער קאַפּיטאַליסטישער ווירקליכ-קייט — אַלץ איינס, אין וואָס פאַר אַ פאָרם די דאָזיקע פאַרבאַנדן זאָלן ניט געשלאָסן ווערן, צי אין אַ פאָרם פון איין אימפּעריאַליס-טישער קאָאַליציע קעגן אַ צווייטער אימפּעריאַליסטישער קאָאַליציע, צי אין אַ פאָרם פון אַן אַלגעמיינעם פאַרבאַנד פון אַ ל ע אימפּע-ריאַליסטישע מלוכות—זיינען דעריבער אומפאַרמיידליך מער ניט ווי „אַ אינטערוואַל" צווישן מלחמות. די פרידליכע פאַרבאַנדן גרייטן צו מלחמות און וואַקסן פון זייער זייט אַרויס פון מלחמות, ווייל זיי באַדינגען איינער דעם צווייטן, ווייל זיי ענדערן די פאָרם פון דעם פרידליכן און ניט-פרידליכן קאַמף אויפן יסוד פון א י י נ ע ם און ד ע מ ז ע ל ב י ק ן באָדן פון אימפּעריאַליסטישע פאַרבינדונגען און צווישן-באַציהונגען צווישן דער אַלוועלטליכער ווירטשאַפט און דער אַלוועלטליכער פּאָליטיק.

דער אַמעריקאַנער ריילי, מערקט אָן אין זיין „געשיכטע פון דער דיפּלאָמאַטיע אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַנטוויק-לונג פון אייראָפּע" אַזוינע פּעריאָדן אין דער נייסטער געשיכטע פון דער דיפּלאָמאַטיע: 1) די תקופה פון דער רעוואָלוציע; 2) די קאָנסטיטוציאָנעלע באַוועגונג; 3) די תקופה פונם האַנדל-אימפּע-ריאַליזם"[110] פון אונזערע טעג, און איין שרייבער טיילט די גע-שיכטע פון דער אַלוועלטליכער פּאָליטיק פון ענגלאַנד פון 1870טן יאָר אויף 4 פּעריאָדן; 1) דער ערשטער אַזיאַטישער (דער קאַמף קעגן דער אַריינדרינגונג פון רוסלאַנד אין מיטל-אַזיען צו אינדיען צו); 2) דער אַפריקאַנישער (אַן ערך 1885-1902) — דער קאַמף מיט פראַנקרייך פאַר דער צוטיילונג פון אַפריקע („פאַשאָדע" אין 1898טן יאָר — אַ פאַר פון אַ מלחמה מיט פראַנקרייך) 3) דער צווייטער אַזיאַטישער — (דער אָפּמאַך מיט יאַפּאַן קעגן רוסלאַנד) און 4) „דער אייראָפּייאישער" איבערהויפּט קעגן דייטש-לאַנד[111]) „די פּאָליטישע צוזאַמענשטויסן צווישן די אַוואַנגאַרדן שפּילן זיך פאָנאַנדער אויפן פינאַנץ-באָרן,"—האָט נאָך אין 1905טן יאָר געשריבן דער באַנק-טוער ריסעס, אָנווייזנדיק, ווי דער פראַנ-

צווישער פינאַנץ קאַפּיטאַל האָט מ'ט זיינע אָפּעראַציעס אין איטאַ-
ליען צוגעגרייט א פּאָליטישן בינד פון די דאָזיקע לענדער, ווי ס'האָט
זיך פאַנאַנדערגעוויקלט דער קאַמף פאַר פּערס'ע צווישן דייטשלאַנד
און איינגלאַנד, דער קאַמף צווישן אַלע אייראָפּייאישע קאַפּיטאַלן
פאַר די כינע הלוואות און א.וו. אָט דאָס איז די לעבעדיקע ווירק-
ליכקייט פון די „אולטראַ-אימפּעריאַליסטישע" פרידליכע פאַרבאַנדן
אין זייער פעסטן צוזאַמענבונד מיט פּשוט אימפּעריאַליסטישע קאָנ-
פליקטן.

דאָס פאַרשמירן די טיפסטע סתירות פונם קאַפּיטאַליזם
ברענגט אומפאַרמיידליך דערצו, וואָס קאַוטסקיס פאַרפיינערט דעם
אימפּעריאַליזם, און דאָס האָט א ווירקונג אויך אויף די קריטיק
זיינע בנוגע צו די פּאָליטישע אייגנשאַפטן פונם אימפּעריאַליזם.
דער אימפּעריאַליזם איז די תקופה פונם פינאַנץ-קאַפּיטאַל און פון
די מאָנאָפּאָלן, וועלכע טראָגן אומעטום אריין א שטרעבונג צו
הערשאַפט, און ניט צו פרייהייט. דער רעזולטאַט פון די דאָזיקע
טענדענצן איז אַן אומעטיקע רעאַקציע בא אַלערליי פּאָליטישע
אָרדענונגען, א געוואַלטיקע פאַרשאַרפונג פון די סתירות אויך
אויף דעם דאָזיקן געביט, ס'ווערט אויך בפרט פאַרשאַרפט דער
נאַציאָנאַלער דרוק און די שטרעבונג צו אַנעקסיעס, דאָס הייסט צו
אונטערברעכן די נאַציאָנאַלע אומאָפּהייניגקייט (ווייל אַנעקסיע איז
ניט קיין אַנדער זאַך, ווי די אונטערברעכונג פון דער נאַציאָנאַ-
לער זעלבסטבאַשטימונג). הילפערדינג מערקט מיט רעכט אָן דעם צו-
זאַמענבונד פון אימפּעריאַליזם מיט דער פאַרשאַרפונג פונם נאַציאָ-
נאַלן דרוק: „וואָס איז נוגע צו די ניי-אַנטדעקטע לענדער, —
שרייבט ער, — פאַרשטאַרקט דאָרט דער אריינגעפירטער קאַפּי-
טאַל די סתירות, און רופט ארויס א שטענדיק וואַקסנדיקן ווי-
דערשטאַנד, וועלכן די אויפוואַכנדיקע צו נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַ-
וואוסטזיין פעלקער ווייזן ארויס קעגן די אָנגעקומענע; דער דאָ-
זיקער ווידערשטאַנד קען גרינג אויסוואַקסן, ביז ער ווערט א סכנה
פאַר דעם אויסלענדישן קאַפּיטאַל. ס'ווערן ראַדיקאַל רעוואָלוציאָ-

ניזירט די אַלטע מאָציאַלע פּראָפּעסיאָנען, פּיוועריט צושטערט די טויזנטיאָריקע אַגראַרע אָפּגעזונדערטקייט פון די „א יסטאָר-היסטאָרי-שע“ פעלקער, זיי ווערן אריינגעצויגן אין קאַפּיטאַליסטישן קעסל-גרוב. דער קאַפּיטאַליזם גופא ווייזט ביסלעכווייס אָן די איינגעוואו-מענע פעלקער די מיטלען און וועגן, ווי אזוי זיך באַפרייען. און זיי שטעלן ארויס יענעם ציל, וועלכן די איי אָפּייאישע פעל-קער האָבן אַמאָליקע יאָרן געהאַלטן פאַר דעם העכסטן: די שאַ-פונג פון אן איינהייטליכער נאַציאָנאַלער מלוכה, ווי א געווער פון עקאָנאָמישע און קולטורעלע פרייהייט, די דאָזיקע באַוועגונג צו אומאָפּהענגיקייט שטעלט פאָר א סכנה פאַר דעם אייראָפּייאישן קאַפּיטאַל אין זיינע סאַמע טייערע עקספּלואַטאַציע-געגנטן, וועלכע עפענען פאַר אים די גלענצנדיקסטע פּערספּעקטיוון, און דער אייראָפּייאישער קאַפּיטאַל קען אייהאַלטן זיין הערשאַפט נאָר אַנ-דערש ווי פאַרגרעסערנדיק שטענדיק זיינע מיליטערישע כוחות.“ [112]

צו דעם דאַרף מען נאָך צוגעבן, אז דער אימפּעריאַליזם פירט צו אנעקסיעס ניט נאָר אין די ניי־אַנטדעקטע, נאָר אויך אין די אַלטע מלוכות, אייך דאָ פירט ער צו דער פאַרשטאַרקונג פון דעם נאַציאָנאַלן דרוק און, הייסט עס, אויך צו דער פאַרשאַרפונג פונם ווידערשטאַנד. בעת ער טרעט ארויס קעגן דעם, אז דער אימפּעריאַליזם פאַרשטאַרקט די פּאָליטישע רעאַקציע, שטעלט זיך קאַוטסקי ניט אָפּ אויף דער באַזונדערס דרינגענדיק געוואָרן נער פראַגע וועגן דער אוממעגלעכקייט צו פאַראייניקן זיך מיט די אָפּאָרטוניסטן אין דער אימפּעריאַליסטישער תקופה. בעת ער טרעט ארויס קעגן אנעקסיעס, גיט ער צו זיינע סברות אזא פאָרם, וועלכע איז גאַנץ לייכט אננעמבאַר פאַר די אָפּאָרטוניסטן, ער ווענדעט זיך דירעקט צו דער דייטשישער אַודיטאָריע א, פאַרדעקט-וועגן פון רשווייגט ער גראַדע דאָס וויכטיקסטע און אַקטועלסטע, ווי, למשל, דאָס, וואָס עלזאַס-לאָטרינגען איז אַנעקסירט פון דייטשלאַנד. כדי אָפּצושאַצן אָט די קאַוטסקיס „גע-קעגן אָפּנייגונג“, וועלן מיר ברענגען אזא ביישפּיל. לאָמיר זיך פאָר-

שטעלן, אז א יאַפּאַנער זאָגט זיך ארויס קעגן דעם, וואָס די אמע־ריקאַנער אַנעקסירן די פיליפּינעס, פרעגט זיך, צי וועלן אסך גלייבן, אז ער טוט עס צוליב פּיינטשאַפט צו אַנעקסיעס בכלל, אָדער מחמת דעם, וואָס ער וויל אליין אַנעקסירן די פיליפּינען. און צי וועט מען ניט מוזן מודה זיין, אז דער „קאַמף" פון דעם יאַפּאַנער קעגן אַנעקסיעס וועט מען קענען האַלטן פאַר אן אויפ־ריכטיקן און פאַר א פּאָליטיש־ערליכן אויסשליסליך נאָר דאַן, ווען ער וועט ארויסטרעטן קעגן דעם, וואָס יאַפּאַן אַנעקסירט קאָרייע, ווען ער וועט פאָדערן, אַז קאָרייע זאָל זיין פריי אויף אָפּצוטיילן זיך פון יאַפּאַן?

סיי קאַאוטסקיס טעאָרעטישער אַנאַליז פונם אימפּעריאַליזם, סיי זיין עקאָנאָמישע און אויך זיין פּאָליטישע קריטיק פונם אימפּעריאַליזם זיינען דורכגעדרונגען מיט א גייסט, וואָס איז אַבּ־סאָלוט ווייט פונם מאַרקסיזם, מיט א גייסט פון פארשמירן און פאַרגלעטן די ראַדיקאַלסטע סתירות, מיט א שטרעבונג אָהן א שום תירוץ איינצוהאַלטן די צעפּאַלנדיקע איינהייט מיטן אָפּאָרטוניזם אין דער אייראָפּייאישער ארבעטער באַוועגונג.

## 10. דער היסטאָרישער פּלאַץ פונם אימפּעריאַליזם.

מיר האָבן געזעהן, אז דער אימפּעריאַליזם איז לויט זיין עקאָנאָמישן תוך א מאָנאָפּאָליסטישער קאַפּיטאַליזם. אָט דאָס אליין באַשטימט שוין דעם היסטאָרישן פּלאַץ פונם אימפּעריאַליזם, ווייל די מאָנאָפּאָל, וואָס וואַקסט אויס אויפן באָדן פון פרייער קאָנקו־רענץ און טאַקע פון דער פרייער קאָנקורענץ, איז אַן איבערגאַנג פון דער קאַפּיטאַליסטישער צו א העכערער געזעלשאַפטליך-עקאָ־נאָמישער אָרדענונג. מע דאַרף בפרט אָנמערקן פיר הויפּט־מינים מאָנאָפּאָלן, אָדער פיר הויפּט־אַפּטפּלעקינגען פונם מאָנאָפּאָליסטישן קאַפּיטאַליזם, וועלכע זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער תקופה, וועלכע מיר באַטראַכטן.

ערשטנס, די מאָנאָפּאָל איז אויסגעוואַקסן פון דער קאָנ־

צענטרירונג פון דער פראָדוקציע אויף זעהר א הויכע שטופע פון איר אנטוויקלונג, דאס זיינען מאָנאָפּאָליסטישע קאַפּיטאַליסטן-פארבאנדן: קאַרטעלן, סינדיקאַטן, טרעסטן. מיר האָבן געזעהן, וואָס פאר א גרויסע ראָלע זיי שפּילן אין דעם מאָדערנעם ווירטשאַפטס-ליכן לעבן, זיי האָבן באַקומען צום אָנהויב פון צוואנציגסטן יאָר-הונדערט א פולשטענדיקע איבערהאנט אין די פראָגרעסיווע לענ-דער, און אויב די ערשטע טריט אויפן וועג פון קארטעלירונג זיינען פריער דורכגעמאַכט געוואָרן דורך לענדער מיט א הויכן פראָטעקציאָן-טאַריף (דייטשלאַנד, אמעריקע), האט איינגלאַנד מיט זיין סיסטעם פון פרייען האַנדל רק נאָר עטוואָס שפּעטער דער-וויזן דעמזעלביקן גרונט-פאַקט: די מאָנאָפּאָלן קומען אויף פון דער פראָדוקציע קאנצענטרירונג.

צווייטנס, די מאָנאָפּאָלן האָבן געפירט צו דעם, אז ס'זאל מוראדיק פארשאַרפט ווערן די וויכטיקסטע קוואַלן פון רויע מאטע-ריאלן, בפרט פאר דער גרונט- און פאר דער מער קאַרטעלירטער אינדוסטריע פון דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאפט: פון דער שטיינקוילן און פון דער אייזן-אינדוסטריע. דאס מאָנאָפּאָל סטישע צעשטעפּונג איבער די וויכטיקסטע קוואלן פון רויע מאטעריאלן האט מוראדיק פארשטארקט די מאַכט פון דעם גרויס קאפּיטאל און האָט פאַרשאַרפט די סתירה צווישן דער קארטעלירטער און דער ניט-קאַרטעלירטער אינדוסטריע.

דריטנס, די מאָנאָפּאָל איז אויסגעוואקסן פון די ביינק. פון באשיידענע פארמיטלערישע אונטערנעמונגען האָבן זיי זיך פאר-וואַנדלט אין מאָנאָפּאָליסטן פונם פינאַנץ-קאַפּיטאל. אזעלכע דריי—פיר גרעסטע ביינק פון א וואָסערע ניט סאַמע פראָגרעסיווע קאַ-פּיטאליסטישע פעלקער האָבן פארווירקליכט „די פּערזענליכע אוניאָן" צווישן דעם אינדוסטריעלן און דעם באַנק-קאַפּיטאל, האָבן קאָנצענטרירט אין זייערע הענט די הערשאפט איבער אזוי פיל מיל אַרדן, וואָס בילדן דעם גרעסטן טייל פון די קאפּיטאַלן און געלט-הכנסות פון דעם גאנצן לאַנד. די פינאַנץ-אַליגארכיע, וואָס

ווארזט אויף א געדיכטע נעץ פון אפהיינגיקייט-פארהעלטענישן אויף אלע אָן אויסנאַם עקאנאָמישע און פּאָליטישע אנשטאַלטן פון דער מאָדערנער בורזשואזער געזעלשאַפט — אט דאס איז די בולטסטע אנפלעקונג פון דער דאָזיקער מאָנאָפּאָל.

פערטנס, די מאָנאָפּאָל איז אויסגעוואַקסן פון דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק. צו די פילצאָליקע „אַלטע“ מאָטיוון פון דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק האָט דער פינאַנץ-קאַפּיטאַל צוגעגעבן דעם קאַמף פאַר די קוואַלן פון רויע מאַטעריאַלן, פאַרן עקספּאָרט פון קאַפּיטאַל, פאַר „ווירקונגס-ספערעס“; דאָס הייסט, פאַר ספערעס פון גוטע געשעפטן, פון קאָנצעסיעס, פון מאָנאָפּאָליסטישע רווחים וכדומה, לסוף פאַר א ווירטשאַפטליכע טעריטאָריע, בכלל. ווען די אייראָפּייאישע מלוכות האָבן, למשל, פאַרנומען מיט זייערע קאָלאָניעס א צענטהלק פון אַפריקע, ווי דאָס איז געווען אין 1876-טן יאָר, דאַן האָט די קאָלאָניאַלע פּאָליטיק געקאָנט זיך אַנטוויקלען נישט מאָנאָפּאָליסטיש לויטן טיפּ פון, אזוי צו זאָגן, „פאַרכאַפּערשן“ פאַרנעמען די פעלצער. נאָר ווען ס'איז שוין פאַרכאַפּט געוואָרן 9 צענטל אַפּ יקע, (צום 1900-טן יאָר), ווען די גאַנצע וועלט איז שוין צעטיילט געוואָרן,— דאַן איז אומפאַרמיידליך אָנגעקומען די צייט מאָנאָפּאָליסטיש צעשאַפן האָבן ווידער די קאָלאָניעס, און, הייסט עס, צוליב די צייט פון א באזונדער פאַרשאַרפטן קאַמף פאַר די צעטיילונג און איבערטיילונג פון דער וועלט.

ס'איז אלעמען באוואוסט, אויף וויפל דער מאָנאָפּאָליסטישער קאַפּיטאַל האָט פאַרשאַרפט אלע סתירות פונם קאַפּיטאַליזם. ס'איז גענוג אנצואווייזן אויף דעם יקרות און אויף דעם דרוק פון די קאַרטעלן, די דאָזיקע פאַרשאַרפונג פון די סתירות איז די מעכטיקסטע באַוועגונג-קראַפט פון דעם היסטאָרישן איבערגאַנג-פעריאָד, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבן צייט דעם ענדגילטיקן נצחון פון דעם פינאַנץ-קאַפּיטאַל.

די מאָנאָפּאָליען, די אָליגאַרכיע, די שטרעבונג צו הערשאַפט אנשטאָט א שטרעבונג צו פרייהייט, די עקספּלואַטירונג דורך א

קליין הימעלע רייכסטע א ער שטארקסטע פעלקער אלץ א גרע־סערע צאָל קליינע אדער שוואַכע פעלקער, — דאס אלץ האט אַרויסגערופן יענע אינטערעסיר־שטריכן פונם אימפעריאַליזם, וועלכע צווינגען צו כאראַקטעריזירן אים, ווי א פּאַראַזיטאַרישן אָדער פוילענדיקן קאַפּיטאַליזם. אלץ בולטער טרעט ארויס, ווי איינע פון די טענדענצן פונם אימפעריאַליזם די שאַפונג פון „א מלוכה־ראַנטיע", פון א מלוכה־פּראָצענטניק, וועמענס בורזשואזע ציהט איר היונה פון קאפּיטאל עקספּאָרט און „פון שניידן קופּאָנעס". ס'וואָלט געווען א טעות צו מיינען, אז אָט די טענדענץ צום פוילן שליסט אויס דעם גיכן וואוקס פונם קאַפּיטאַליזם: ניין, איינצלנע אינדוסטריע־צווייגן, איינצלנע שיכטן פון דער בורזשואזיע, איינצלנע לענדער אנטפּלעקן אין דער אימפּעריאַליסטישער תקופה מיט א גרעסערער אדער א קלענערער קראַפט אמאָל די, אמאָל יענע פון אָט די טענדענצן. אין גאַנצן גענומען, וואקסט דער קאַפּיטאליזם אומגעהייער גיכער, איידער פריהער, נאָר דער דאָזיקער וואוקס ניט נאר ער ווערט אלץ מער ניט גלייכמעסיק, נאר די אומגלייכמעסיקייט טרעט בפרט ארויס אין דעם, וואס עס פוילן די שטארקסטע קאפּיטאל־רייכסטע לענדער (איינגלאנד).

רייסער, דער מחבר פון דער פארשונג וועגן די דייטשישע גרויסע בינק, זאגט וועגן דער גיכקייט פון דער עקאנאמישער אנטוויקלונג פון דייטשלאנד: „דער ניט צולאנגזאמער פראגרעס פון דער פריקער עפאכע (1848—1870) פארהאלט זיך צו דער גיכקייט פון דער אנטוויקלונג פון דער גאנצער ווירטשאפט פון דייטשלאנד און בפרט פון אירע ביינק אין דער געגעבענער עפאכע (1870—1905) אַזוי ערך, ווי די גיכקייט פון דער באוועגונג פון א פאסט־קאַרעטע פון די גוטע אלטע צייטן פארהאלט זיך צו דער געשווינדקייט פון א מאדערנעם אויטאמאביל, וועלכער טראגט זיך אזוי, אז ס'איז געפערליך הן פאר דעם זארגלאזגייעדיקן פוסגייער הן פאר די, וואס זיצן אין אויטאמאביל", און אט דער אומגעווינטליך גיך אויסגעוואקסענער פינאנץ־קאפּיטאל איז טאקע דערפאר, וואס ער איז אזוי

גיך אויסגעוואקסן האט גאר ניט פון זיין זייט אנקעגן דעם, אז מע זאל איבערגיין צו א מער „רוהיקן" באהערשן די קאלאניעס, וועלכע דארפן פארכאפט ווערן — און ניט נאר אויף פרידליכע אופנים — ביי די רייכערע פעלקער. און אין די פאראייניקטע שטאטן איז די עקאנאמישע אנטוויקלונג געגאנגען פאר די לעצטע יארצענדליגע נאך גיכער, ווי אין דייטשלאנד, און דווקא אדאנק דעם זיינען באזונדער בולט ארויסגעטראטן די פאראזיטארישע שטריכן פונעם נייסטן אמעריקאנער קאפיטאליזם. פון דער אנדער זייט, באווייזט די פארגלייכונג אפילו פון דער רעפובליקאנישער אמעריקאנער בורזשואזיע מיט דער מאנארכישער יאפאנישער אדער דייטשער, אז דער גרעסטער פאליטישער חילוק ווערט אפגעשוואכט אין דער אימפעריאליסטישער תקופה — ניט דערפאר, ווייל דאס איז בכלל ניט וויכטיק, נאר דערפאר, ווייל אין אט די אלע פאלן האנדלט זיך עס וועגן א בורזשואזיע מיט באשטימטע שטריכן פון פאראזיטיזם.

דאס, וואס די קאפיטאליסטן פון איינעם פון די פילצאליקע אינדוסטריע-צווייגן, פון איינע פון דער גרויסער צאל לענדער און א. וו. באקומען א מאנאפאליסטיש הויכן ריוח, דאס גיט זיי אן עקאנאמישע מעגליכקייט באגינסטיקן איינצלנע שיכטן ארבעטער, צייטנווייז אפילו א גאנץ באדייטנדיקע מינדערהייט, צוציענדיק זיי אויפן צד פון דער בורזשואזיע פון דעם געגעבענעם צווייג אדער פון דעם געגעבענעם פאלק קעגן אלע איבעריקע. און דער שטארקער אנטאגאניזם צווישן די אימפעריאליסטישע פעלקער פאר די צעטיילונג פון דער וועלט, מאכט נאך שטארקער די דאזיקע שטרעבונג. אויף אזא אופן ווערט געשאפן דער צוזאמענבונד צווישן אימפעריאליזם מיטן אפארטוניזם, וואס האט זיך פריער און בולטער ווי אומעטום ארויסגעוויזן אין ענגלאנד, אדאנק דעם, וואס אייניקע אימפעריאליסטישע אנטוויקלונגס-שטריכן זיינען דא שוין געווען פריער, איידער אין אנדערע לענדער.

פון דעם אלץ, וואס ס'איז געזאגט געווארן וועגן עקאנא-

פישן מהות פונם אימפעריאַליזם, דרינגט אַרויס, אַז מע דאַרף אים כאַראַקטעריזירן, ווי אַן איבערגאַנג, אָדער ריכטיקער ווי אַנאָפּ-דאָס, וואָס די בורזשואַזע עקאָנאָמיסטן, וועלכע באַשרייבן דעם נייסטן קאַפּיטאַליזם, באַנוצן גאַנץ אָפט אַזעלכע אויסדריקן, ווי „די איבערפלעכטונג" „ניט איזאָלירט" וכדומה; די ביינק זיינען „אונ-טערנעמונגען, וועלכע טראָגן הן לויט זייערע אויפגאַבן, הן לויט זייער אַנטוויקלונג קיין ריין ווירטשאַפטליכן כאַראַקטער, נאָר וואַקסן אַלץ מער אַרויס פונם געביט פון פּריוואַט-ווירטשאַפטליכער רעגולירונג"; די דערזעלביקער ריסער, וועלכער האָט אָנגעשריבן אָט די לעצטע ווערטער, מעלדעט אין א גאַנץ ערנסטן טאָן, אַז „די נביאה" פון די מאַרקסיסטן וועגן „דער פאַרגעזעלשאַפטלעכונג" איז ניט מקוים געוואָרן!

וואָס זשע אַזויגס דריקט אויס דאָס וואָרט „איבערפלעכטונג"? עס דריקט מער ניט אויס ווי יענעם שטריך פון דעם איצט פאַר-קומעדיקן פּראָצעס, וועלכע וואַרפט זיך מער פון אַנדערע אין די אויגן. עס באַווייזט אַז דער באַאָבאַכטער ציילט איינצעלנע בוימער און זעהט ניט דעם גאַנצן וואַלד. ער קאָפּירט קנעכטיש דאָס אויסערליכע, דאָס צופעליקע, דאָס כאַאָטישע. ער דעקט אויף אין דעם באַאָבאַכטער אַ מענטשן, וועלכער איז נתפּעל פון דעם רויען מאַטעריאַל, און וועלכער קען זיך להלוטין ניט פאַנאַנדערקלייבן אין זיין אינהאַלט און זיין באַטייטונג. „עס פלעכטן זיך צופעליק איבער" דאָס באַהערשן אַקציעס, די פאַרהעלטענישן צווישן פּרי-וואַט-אייגנטימער. נאָר דאָס, וואָס ס׳געפינט זיך אונטער דער דאָ-זייגען די געענדערט-ווערנדיקע געזעלשאַפטליכע פּראָדוקציע-פאַר-העלטענישן. ווען א גרויסע אונטערנעמונג פאַרוואַנדלט זיך אין אַ ריזיקער איבערפלעכטונג, דאָס וואָס עס בילדעט איר יסוד, דאָס גיגאַנטישע און אָרגאַניזירט פּלאַנמעסיק, אויפן סמך פון גענוי באַ-רעכנטע מאַסן-מאַטעריאַלן, דאָס צושטעלן פונם תחילת׳דיקן רויען מאַטעריאַל אין אַ סכום פון $^2/_3$ אָדער $^3/_4$ פון דעם, אין וויפל

ס'נייטיקן זיך צענדליגער מיליאָנען פון דער באפעלקערונג; ווען ס'ווערט סיסטעמאַטיש אָרגאניזירט דער טראנספּאָרט פון דעם דאָ-זיקן רויען מאטעריאל אין די באקוועמסטע פראָדוקציע-פּונקטן, וועלכע זינען גאנץ אָפט מיט הונדערטער און טויזנטער וויאָרסט אָפּגעטיילט איינער פון דעם צווייטן; ווען מע פירט אָן פון איין צענטער מיט אלע שטופעס פון דער כסדר'דיקער באַארבעטונג פונם מאַטעריאַל, ביז מע באַקומט אַ גאנצע ריי מינים פארטיקע פראָ-דוקטן; ווען די פאַרטיילונג פון די דאָזיקע פראָדוקטן צווישן צענדליגער און הונדערטער מיליאָנען געברויכער ווערט דורכגע-פירט לויט איין פּלאַן (דער פארקויף פון נאַפט אין אַמעריקע און אין דייטשלאנד דורך דעם אַמעריקאנער „נאַפט-טרעסט"), דאַן איז קלאָר, אז מיר האבן דאָ צו טאָן מיט אַ פארגעזעלשאַפטליכונג פון דער פראָדוקציע, און ניט מיט קיין פשוטער „איבערפלעכטונג"; אַז די פּריוואט-ווירטשאַפטליכע און די פּריוואַט-אייגנטומ-ישע פארהעלטנישן זיינען בלויז א שאָלעכץ, וואָס אַנטשפּרעכט ניט דעם אינהאלט און וואס מוז אומפארמיידליך אָנהויבן צופוילט ווערן, אויב מע וועט קינסטליך פארציען זיין באַזייטיקונג, וואס קען לפי-ערך אַ גאנץ לאַנגע צייט זיך האלטן אין א פוילעדיקן צושטאנד (אין ערגסטן פאל, ווען די רפואה קעגן דעם אָפּאָרטוני טישן גע-שוויר וועט לאנג ניט קומען), נאר וואס וועט פאָרט אומפארמייד-ליך באַזייטיקט ווערן.

שולצער-העווערניץ, אַ באַגייסטערטער אָנהייגער פונם דייטשישן אימפּעריאַליזם, שרייט אויס:

„אויב די אנפירונג מיט די דייטשישע ביינק געפינט זיך אין דער לעצטער שורה אין די הענט פון א טוץ מענטשן, איז זייער טעטיקייט א צט שוין א סך וויכטיקער פאר דעם וואוילטאג פונם פאלק, איידער די טעטיקייט פון דעם גרעסטן טייל מלוכה-מיניס-טארן" (דא ווערט אינגאנצן פארגעסן וועגן „דער איבערפלעכטונג" צווישן די באנק-לייט, די מיניסטארן, די אינדוסטריער, די ראנטיע...). אויב מיר זאלן ביזן סוף דורכטראכטן די טענדענצן, וועלכע מיר

האבן געזעהן, דאן באקומען בר: דער קאפיטאל פון א נאציע איז קאנצענטרירט אין די בײנק; די בײנק זיינען צונויפגעבונדן איינער מיט דעם צווייטן אין א קארטעל; דער פייער קאפיטאל פון דער נאציע האט אנגענומען א פארם פון ווערט-פאפירן. דאן וועלן מקוים ווערן סען-סימאנס גענילע ווערטער: „די איצטערדיגע פראדוקציאן-אנארכיע, וועלכע שטימט איינגאנצן מיט דעם פאקט, וואס די עקאנאמישע פארהעלטעניסן ווערן זיך פאנאנדער אן אן איינהייטליכער רעגולירונג, דארף אפטרעטן איר ארט דער ארגאני־ זירונג פון דער פראדוקציע מיט דער פראדוקציע וועלן אנפירן נישט איינצלנע אונטערנעמער, וואס זיינען אומאפהענגיק איינער פון דעם צווייטן, וואס ווייסן נישט די עקאנאמישע באדערפענישן פון די מענטשן; די אנפירונג וועט זיך געפינען אין די הענט פון א געוויסער ספעציעלער אנשטאלט. דער צענטראל פארוואלטונגס־ קאמיטעט, וועלכער האט א מעגליכקייט צו באטראכטן דעם ברייטן געביט פון סאציאלער עקאנאמיע פון א העכערן שטאנדפונקט, ער וועט זי רעגולירן אזוי, ווי דאס וועט זיין נוצליך פאר דער גאנצער געזעלשאפט, ער וועט איבערגעבן די פראדוקציע-מיטלען אין פאסיקע הענט, און וועט בפרט זארגן וועגן א שטענדיקער הארמאניע צווישן דער פראדוקציע מיט דעם געברויך. ס'זיינען פאראן אנ־ שטאלטן, וועלכע האבן אין דעם קרייז פון זייערע אויפגאבן אריינ־ גענומען א געוויסע ארגאניזירונג פון דער ווירטשאפטלעכער אר־ בעט: דאס זיינען די בײנק". מיר זיינען נאך ווייט פון דער פאר־ ווירקלעכונג פון סען-סימאנס דאזיקע ווערטער, נאר מיר שטייען שוין אויפן וועג פון זייער פארווירקלעכונג. דער מארקסיזם איז אנדערש אידער סיהאט זיך פארגעשטעלט מארקס, נאר אנדערש לויט דער פארם.

ניטא וואס צו ריידן: א שיינע „אפליקונג" פון מארקסן, וועלכע מאכט א שריט אויף צוריק — פון מארקס וויסנשאפטליכן וויסנ־ שאפטליכן אנאליז, צו סען־סימאנס השערה, הגם א געניאלע, נאר דאך מער נישט ווי א השערה.

# אָנמערקונגען.

1) דער סכום ציפערן לויט „אננאלען דעס דויטשען רייכס" (דייטש) 1911.

2) „סטעטיסטיקעל אבסטראקט אָוו דזי יונייטיד סטייטס" (ענגל׳ש) 1912, זייט 202.

3) „פינאנס-קאפיטאל" רוסישע איבערזעצונג, זייט 2867.

4) האנס הידעאָן חיימאַן: „די געמישטען ווערקע אים דויטשען גראָסאייזען-געווערקע" (דייטש) 1904, זייטן 256, 278.

5) הערמאַן לעווי: „מאָנאָפּאָלע, קארטעללע אונד טרעסטס" (דייטש) 1909, זייטן 286, 290, 298.

6) ס. פאָגעלשטיין: „די פינאנציעללע אָרגאניזאציאָן דער קאפיטאליסטישען אינדוסטרי אונד די מאָנאָפּאָלבילדונג" אין „גרונדריס דער סאציאל עקאָנאָמיק, (דייטש) VI אפט. 1914 - פארגלייך פון זעלביקן אווטאר: „אָרגאַניזאציאָנספאָרמע דער אייזענאינדוסטרי אונד טעקסטילאינדוסטרי אין ענגלאנד און אמעריקא" (דייטש). באנד I 1910.

7) דר. ריססער: „די דויטשען גראָסבאַנקען אונד איהרע קאָנצענטראַציאָן אים צוזאַמענהאַנגע מיט דער ענטוויקלונג דער געזאַמטווירטשאפט אין דויטשלאנד". (דייטש), 4 אויפלאגע 1912 זייט 149.—ר. ליפמאַן: „קאַרטעללע אונד טרעסטס אונד די ווייטערבילדונג דער פאָלקסווירטשאפטליכען אָרגאַניזאציאָן"—(דייטש), 2 אויפלאגע 1910 זייט 25.

8) דר. פריץ קעסטנער: „דער אָרגאַניזאציאָנס-צוואנג. איינע אונטערזוכונג איבער די קעמפפע צווישען קארטעללען אונד אויסענזייטערן" (דייטש), 1912, זייט 11.

9) ר. ליפמאַן: „בעטייליגונגס אונד פינאנצירונגס-געזעלשאפטען. איינע שטודיע איבער דען מאָדערנען קאפיטאַליזמוס אונד דאס עפפעקטענוועזען" (דייטש). אויפלאגע 1909, זייט 212.

10) דאָרטען זייט 218.

11) דר. ס. טשירשקי: „קארטעלל אונד טרעסט" (דייטש), 1903, זייט 13.

12) ס. פאגעלשטיין: „אָרגאַניזאציאָנספאָרמען" (דייטש), זייט 275.

13) „רעפּאָרט אָוו דזי קאָמיישן אָוו קאָרפּאָריישען אָן דזי טאָבאַקא אינדוסטרי" (ענגל׳ש) וואשינגטאָן, 1909, זייט 266 — ציטירט לויטן בוך פון דר. טאפעל: „די נאָרדאַמעריקאַנישען טרעסטס אונד איהרע ווירקונגען אויף דען פאָרטשריט דער טעכניק", 1913 זייט 48.

14) דאָרטען, זייט 49.

15) ריססער, אויבענדערמאָנטע, ז. 547 און ווייטערדיקע לויט דער 3 אויפלאגע

16) קעסטנער, זייט 254.

17 „צעמענט" פון ל. עשוועגע, „די באנק" (דייטש) 1909. זייט 115 און ווייטערדיקע.

18) יעידעלס: „דאס פערהעלטניס דער דייטשען גראָסבאַנקען צור אינדוס-
טרי מיט בעזאָנדערער בעריקזיכטיגונג דער אײזענאינדוסטרי״ (דייטש). 1905, ז. 271.
19) ליפמאַן: „בעטייליגונגס-געס. געז.״ (דייטש) זייט 434.
20) דאָרטן, זייט 466.
21) יעידעלס, 108.
22) אַלפרעד לאַנסבורג: „פינף יאהרע דער באַנקוועזען״, „די באַנק״ (דייטש) 1913 נום. 8 זייט 728.
23) שולץ-געווערניץ: „די דויטשע קרעדיטבאַנק״ אין „גרונדריס דער סאָצי-
אַלעקאָנאָמיק„ (דייטש) 1915, זייטן 12 און 137.
24) א. לאַנסבורג: „דאס בעטייליגונגס-סיסטעם אים דייטשען באַנקוועזען״
„די באַנק״ (דייטש) 1910, זייט 500.
25) ע. קויפמאַן: „דאס פראַנצויזישע באַנקוועזען״ (דייטש), 1911, ז. 356 362
26) זשאַן לעסקיור: „לעפאַרן אַן פראַנס״ (פראַנצ.) 1914, זייט 52.
27) א. לאַנסבורג: „די באַנק מיט דען 300 מיליאָנען״, „די באַנק״, 1914, ז. 426.
28) ז. טשירשקי, 128.
29) יעדיעס פון אַמעריקאַנער „נעשאָנעל מאָנעטערי קאָמישען״ (ענגל.) „די
באַנק״, 1914, זייט 426.
30) דאָרטן, 1913 זייטן 811, 1022; 1914 זייט 743
31) „די באַנק״, 1914, זייט 316.
32) דר. אָסקאַר שטיליך: „געלר-אונד באַנק-וועזען״ (דייטש), זייט 169.
33) ריסער, זייט 630, 4 אויפלאַגע.
34) „די באַנק״, 1912, זייט 435.
35) ציטירט פון ש״ק-געווערניץ.
36) יעידעלס און ריסלער, נייע ווערק.
37) יעידעילס, זייט 157,
38) יעווגעני קויפמאַנס אַרטיקל וועגן די פראַנצויזישע באַנקען אין „די
באַנק״. 1909, זייט 851.
39) אָסקאַר שטיליך, זייט 148.
40) יעידעלס, זייט 184.
41) דאָרטן, זייט 181.
42) הילפערדאַנג: פינאַנס-קאַפיטאַל, 1912, זייט 339.
43) ר. ליפמאַן, אויבענדערמאָנט, זייט 476.
44) ה. גיד, חיימאַן, אייבנדערמאָנס, זייט 269.
45) ליפמאַן: „בעדייטונגס געזעלשאַפטן״ (דייטש), זייט 258.
46) שולץ-געווערניץ אין „גרדר. דעס ז.-עקאָנ.״ (דייטש) באַנד 5 זייט 3.
47) ל. עשוועגע: „סאָכטערגעזעלשאַפטען״, „די באַנק״ (דייטש), 1914, ז. 445,
48) קורט הייניג „דער וועג דער עלעקטראָ-טרעכסס״ „נויע צייט״
(דייטש) 1912, 30 יאָרגאַנג, זייט 484.

49) ע. אַגאַהד: „גראָסבאַנקען אונד וועלט-מאַרק. די ווירטשאַפטליכע אונד פּאָליטישע בעדויטונג דער גרויסבאַנקען אים וועלט-מאַרק אונטער דער בע־יקזיכ־טיגונג איר־עס איינפלוס אויף רוסלאַנדס פאָלקס-ווירטשאַפט און די דויטש-רוסישען בעציהונגען" (דייטש). 1914.

50) ליזיס: „קאָנטם ליאָליגאַשיר, פינאַנסיער אַן פראַנס" (פראַנצ.) 5 אויפ־לאַגע, 1908, זייטן 11, 12, 26, 39, 40, 48.

51) „די באַנק", 1913, נומ. 7, זייט 630.

52) שטילליך, אויבנדערמאָנט, זייט 143; וו. זאָמבאַרט: „די דויטשע פאָלקס ווירטשאַפט אים 19 יאָהרהונדערט" (דייטש), 1909, זייט 526, ביילאַגע 8.

53) „פינאַנס-קאַפּיטאַל", זייט 172.

54) שטילליך, זייט 138; ליפמאַן, זייט 57.

55) „די באַנק" 1913, זייט 952, ל. עשווענע: „דער זומפף" (דייטש); דאָרטן, 1912, זייט 223.

56) „הע־קעהרסטרעסט", „די באַנק" (דייטש), 1214, זייט 89.

57) „דער צוג צור באַנק", דאָרטן, 1909, זייט 79.

58) דאָרטן, זייט 301.

59) דאָרטן, 1912, זייט 825; 1913, זייט 962.

60) ע. אַגאַהד, זייט 202.

61) „ביולטען דע ל'ענסטיט' אינטערנאַציאָנאַל דע סטאַטיסטיק" (פראַנץ), באַנד 19, בוך 2. לא העי. 1912, יעדיעס וועגן קליינע מלוכעס, צווייטער שפּאַלט, גענומען אין ערעך לויט די נאָרמען פון 1902, פאַרגעסערט אויף 20 פּראָצענט.

62) האָבסאָן: „אימפּיריאַליזם" (ענגל.) 1902, זייט 58. — ריססער, אויבנ־דערמאָנט, זייטן 395, 404. — פּ. אַרנדט אין „וועלט-ווירטשאַפטליכעס אַרכיוו" (דייטש) באַנד 7, 1916, זייט 35; נייי-מאַרק אין ביולעטאַן; הילפערדינג: „פינאַנס-קאַפּיטאַל", זייט 492; ללאיד דזשאָרדזש: רעדע אין געמיינדע-פּאַלאַטע פון 4טן מאַי 1915, „דיילי טעלעגראַף" 5 מאַי 1915. — ב. האַרמס: „פּראָבלעמע דער וועלט-ווירט־שאַפט" (דייטש) 1912, זייט 235 — דר. זיגמונד שילדער: „ענטוויקלונגס-טענדענצען דער וועלט-ווירטשאַפט" (דייטש) 1912, באַנד 1, זייט 150; — דזשאָרדזש פּעיש. — „גרייט בריטענס קעפּיטעל אינוועסטמענטס עטצ." (ענגליש) אין דזשערנאַל אָוו דהי ראָיאַל סטעטיסטיקל סאָסייעטי" (ענגל.) באַנד 74, 11 — 1910, זייט 167. — דזשאָרזש ודריטש: „ליעקספּאַנסיאָן דע באַנק אַללעמאַנד אַ ל' עטראַנזשעי, סע ראַפּאָרע אוועק דע וועלאַ־מאַן עקאָנאָמיק דע ליאַלעגאָן" (פראַנצ.) 1909, זייט 84.

63) „די באַנק", 1913, זייט 1024.

64) שילדער, אויבנדערמאַנט, זייטן 346, 350, 371.

65) ריססער, אויבנדערמאָנט, זייט 375, 4 אויפלאַגע, אין דיוריסט, זייט 283

66) „דזי ענעלס אָוו דזי אמעריקען אַקאַדעמי אוו פּאָליטיקל ענד סאָשעל סייענס" (ענגל.) באַנד LIX, מאַי 1915, זייט 301. אין זעלביקן בוך זייט 331 זייענען מיר, אַז דער באַוואוסטער סטאַטיסטיק פּעיש האָט אין לעצטן העפט פון

פינאַנציעלן זשורנאַל „סטאַטיסטישע איבערעכענונג”, די סומע פון קאַפּיטאַל, וואָס איז אַרויסגעפירט געוואָרן דורך ענגלאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, בעלגיע און האָלאַנד איז 40 ביליאַרד דאָלאַר ד. ה. 200 מיליאַרד פראַנק.

67) רעידעלס, זייט 232.

68) ריסער, אויבנדערמאַנט; דיווריטש, ז, 239; קורט הייניג, אויבנדערמאַנט.

69) עידעלס, זייט 193.

70) דיווריטש, זייט 245.

71) „די באַנק”, 1912, I, זייט 1032, 1912, II, זייט 629; 1913, I, זייט 398.

72) ריסער, זייט 125.

73) פאָגעלשטיין: „אָרג.-פאָרמען”, זייט 100.

74) ליפמאַן: „קאַרט. אונד טר.” 2 אַפֿ., זייט 161.

75) א. זופאַן: „די טעריטאָריאַלע ענטוויקלונג דער אייראָפּעאישער קאָלאָניען” (דייטש), 1906, זייט 254.

76) הענרי ס. מאָרריס: „דזי היסטאָרי אָוו קאָלאָניזײשאָן” (ענגליש) 1900, II, זייט 88; I, זייטן 419, 304.

77) „די נויע צייט”, XVI, I, זייטן 302, 1898.

78) דאַרסן, זייט 304.

79) צ. פּ. לוקאַס: „גרייטער ראָם ענד גרייטער בריטען” (ענגל) 1912, ערל אָוו קראָמער: „ענשענט ענד מאָדערן אימפּעריאַליזם” (ענגל.) 1910.

80) שילדער, אויבנדערמאַנט, זייטן 38—42.

81) וויאַל: „לאַ פראַנס אַ קאָלאָני” (פראַנצ.) ציטירט פון הענרי רוסטיע: לאַ פּאַרטאַזש דע לאָקעאַני (פראַנצ.), 1905, זייט 167.

82) שולץ-געווערניץ: „בריטישער אימפּעריאַליזמוס אונט ענגלישער פרייהאַנ- דעל צו בעגין דעס 20 יאַרהונדערטס” (דייטש), 1906, זייט 318. דאָס זעלביקע זאָגט אויך זאַרטאָריוס פאָן וואַלטערסהויזען: „דאָס פאָלקסווירטשאַפטליכע סיסטעם דער קאַפּיטאַלאַנלאַגע אים אויסלאַנדע” (דייטש), 1907, זייט 46.

83) שילדער, I זייטן 160—161.

84) ל. ע. דריאַלט: „פּראָבלעם פּאָליטיקע סאָסיאַ.” (פראַנצ.) 1907, זייט 299.

85) „די נויע צייט”, 1914, 2 (32 באַנד), זייט 909, 11 נאָיאַבר 1914.—פאַרגל. 1915, 2, 107.

86) האָבסאָן: „אימפּעריאַליזם”, זייט 324.

87) „די נויע צייט”, 1915, I, זייט 144, 30 אַפּריל 1915.

88) ר. קאַלווער: „איינפירונג אין די וועלט-ווירטשאַפט” (דייטש), 1906.

89) „סטאַט. יאַרבוך פאַר דאָס דויטשע רייך” (דייטש), 1915; „אַרכיוו פיר אייזענבאַהנוועזען” (דייטש), 1890. איז איבערגעקומען ניט קיין גרויסע אייניציהייטן וועגן דער פאַנאַנדערטיילונג פון די אייזנבאַנען צווישן די קאָלאָניעס פון פאַרשיידע- נע לענדער אָבצושאַצן אין אן ערך.

90) פארגל, אויך עדגאר גראממאנד: „דזי עקאנאמיק רעליישאן אוו דזי בריטישענד דזשערמען עמפיירס" אין „דזשארנאל אוו דזי ראיאל סטאטיסטיקל סאסייעטי", (ענגל.), 1914, יולי, 777.

91) האבסאן, זייטן 59, 60.

92) שולץ—געווערניץ: „בר. אימפ.", זייט 320 און אנד.

93) זארט. פאן וואלטערסהאוזן: דאס פאלקסווירטש. סיסטעם עטצ." (דייטש), בוך IV.

94) שילדער, 393.

95) „די באנק" 1911, I זייט 11.

96) האבסאן, זייטן 103, 205, 144, 335, 386.

97) גערהארד הילדעבראנד: „די ערשיטערונג דער אינדוסטריהערשאפט אונד דעס אינדוסטריסאציאליזמוס" (דייטש), 1900, זייט 229.

98) „סטאטיסטיק דעס דויטשן רייכס", באנד 211.

99) הענגער: „די קאפיטאלסאנלאגע דער פראנצויזען" (דייטש), 1913.

100) הורוויטש: „אימיגריישאן ענד לעבאר" (ענגל. 1913.

101) „בריפוועקסעל פאן מארקס אונד ענגעלס" (דייטש), באנד II, זייט 290; ב. IV, ז. 453—ק. קאאוטסקי, „סאציאליזמוס אונד קאלאניאלפאליטיק" (דייטש), 1907, זייט 79; די דאזיקע בראשור איז נאך געווען געשריבן אין יענע אומענדליך-לאנגע צייטן, ווען קאאוטסקי איז געווען א מארקסיסט.

102) דער רוסישער סאציאל-שאוויניזם פון די הערן פאטרעסאוס, טשעכענקעליס, מאסלאוו א. אז וו. סיי אין זיין עפנטליכן אויסזען, סיי אין זיין פארועקט (פון די הערן סטעבידוע, סקאבעלעוו, אקסעלראד א. א.) איז אויך אויסגעוואקסן פון דעם רוסישן פארשיידנארטיקן אפארטוניזם, נעמליך: פון ליקווידירן.

103) „יועלטווירטשאפטליכעס ארכיוו" (דייטש), באנד II, זייט 193.

104) זש. פאטויע „ליעמפעריאליזם אמעריקען" (פראנצ.), 1904, זייט 272.

105) „באלעס. דער ליאינסט א נא. דע סטאט" (פראנצ) באנד XIX בוך II, זייט 225.

106) קאאוטסקי: „נאציאנאלשטאט, אימפעריאליסטישער שטאט אונד שטאטענבונד" (דייטש), 1915, זייטן 70 און 72.

107) פינאנס קאפיטאל, זייט 567.

108) די באנק, 1909, II, זייט 819.

109) „נויע צייט", 30 אפריל 1915, ז. 144.

110) דעוויד דזשיין הילל: „א היסטארי אוו דזי דיפלאמאטיס אין דזי אינטערנעשאנעל דיוועלאפמענט אוו אראפ" (ענגל.) באנד I זייט 10.

111) שילדער, אויבנדערמאנט, זייט 178.

112) פינאנסקאפיטאל, זייט 487.

113) „גרדרו. דער כאז. עק." 146.

---

